# גוטע זיטען

## און

# שעהנע מאַניערען

לויט די מאָדערנסטע בעגריפען פון לעבען און ערציהונג, בעאַרבייט דורך

*ג. ווהייטסען*

די געבאָטען און פּרינציפּען וויאַזוי עס דאַרף זיך האַלטען אַ עלעגאַנטער מענש אין דער היים, אין עפענטליכען לעבען, אין דער געזעלשאַפט, אויף וויזיטען, פערוויילונגען, און אין אַלערליי פערוויילונגס-ערטער.

אויסגאַבע פערלאַג „אונזער לעבען" וואַרשאַ.

# דער קולטורעלער און גוט-ערצויגענער מענש

*אנשטאט א איינליישונג*

ווערכער מענש האט נישט די אמביציע צו ווערען, דאס מען זאל וועגען איהם ריידען, ווי וועגען אנ׳אינטעליגענטען, פיינעם און קולטורעלען מענשען, ווער איז דאס נישט מקנא דעם מענשען, אויף וועלכען מען זאגט, אז ער האט פיינע מאניערען און ווייסט, ווי אזוי זיך צו האלטען שעהן און גוט אין א געזעלשאפט?

עס זענען פארהאן א סך מענשען, וואס לעבען אין טעות, מיינענדיג, אז כדי מען זאל ווערען אנערקענט אלס אנ׳אינטעלי-גענטער און קולטורעלער מענש, מוז מען זיין הויך-געבילדעט, אדער אפשטאמען צו שטאמען פון רייכע אדער אריסטאקראטישע עלטערען, פון וועלכע מען בעקומט די גוטע ערציהונג.

דאס איז דורכאויס פאלש.

אויף צו זיין א גוט-ערצויגענער מענש מיט פיינע מאניערען, איז אבסאלוט נישט נויטיג קיין ספעציעלע בילדונג, מען קען שטא-מען פון אנ׳איינפאך הויז און בעזיצען די געבענשטע איינענשאפטען פון א גוט-ערצויגענעם מענש. יעדער איינער קען האבען גוטע זיטען און מאניערען, מען דארף נור וועלען זיך אביסעל צוגעוואהנען צו די אנגענומענע וועלטליכע געוואהנהייטען און מאניערען.

דאס איז אבסאלוט נישט אזוי שווער, ווי מען רעדט זיך איין.

דער היינט-וועלטיגער מענש טאר נישט גרינגשעצען די מיי-נונג, וואס זיינע בעקאנטע און פריינד האבען וועגען איהם. היינט קען מען נישט זאגען „וואס אינטערעסירט עס מיך, וואס מען רעדט און טראכט וועגען מיר". דער היינט-וועלטיגער מענש מוז זיך שטארק רעכענען מיט דער געזעלשאפט. די גוטע מיינונג, וואס מען האט וועגען א מענש, איז מעהר ווערט פון גרויסע פערמעגענס. דאס מאכט איהם א פרייען און אפענעם וועג פאר זיין לעבענס-קאריערע.

דער מענש, וואָס בעזיצט פיינע מאַניערען און גוטע זיטען, האָט אַ פרייען צוטריט אין דער געזעלשאַפט. אַלע טהירען זענען פאַר אַזאַ איינעם אָפען. מען זעהט איהם איבעראַל גערן, און מען קען דרייסט זאָגען, אַז אַ מענש מיט פיינע מאַניערען דערגרייכט לייכטער זיין לעבענס-ציעל, און זיין לעבענס-וועג איז אין אַלגעמיין גלאַטיגער און די שטערונגען, וואָס מען טרעפט אין לעבען, ווערען לייכטער בעזייטיגט. דאָס איז דער ערפאָלג פון גוט-ערצויגענעם מענש.

עס איז אויך פאַלש צו מיינען, אַז דאָס האַלטען זיך ביי אַ געוויסער עטיקעט און אַרויסווייזען גוטע זיטען, איז אַ שווערע לאַסט און מען פיהלט זיך קרעמפּירט. מען דאַרף נור אַביסעל זיך צוגעוואָהנען צו די עלעמענטאַרע בעגריפען פון גוטע זיטען און שעהנע מאַניערען. נאָך אַ קורצער צייט ווערט דאָס איינגעלעבט און מען פיהלט גאָר אַליין נישט, ווי ביי יעדער געלעגענהייט ווייזט מען אַרויס די גוטע ערצויגענע מאַניערען, וועלכע רופען אַרויס אויפמערקזאַמקייט ביי אַלע אַרומיגע.

יעדער מענש, וואָס שעצט זיך און וויל, אַז אַלע מענשען צווישען וועלכע ער פערקעהרט זאָלען איהם אויך שעצען, דאַרף שטרעבען צו זיין אַ קולטורעלער און גוט-ערצויגענער מענש מיט פיינע זיטען, און שעהנע מאַניערען.

דאָס איז זעהר לייכט צו דערגרייכען, אדרבא, זעהט אַליין פון די אינטערעסאַנטע און נויטיגע אָנווייזונגען, וואָס מיר גיבען אייך דאָ אין דעם בוך.

# די 6 אײגענשאפטן
# פון א גוט־ערצויגענעם מענש

א מענש מיט גוטע זיטען און שעהנע מאַניערען קען הייסען שוין דער, וואָס בעזיצט די 6 וויכטיגסטע אייגענשאַפטען פון א גוט-ערצויגענעם מענש. די דאָזיגע אייגענשאַפטען מוזען בעזיצען אלע, אָהן אונטערשיעד פון עלטער און אָהן אונטערשיעד צווישען וואָסערע קלאַסען מענשען מען פערקעהרט. עס טאָר נישט פעהלען קיין איינע פון די אייגענשאַפטען, ווייל דאָס פערדאַרבט אַלצדינג.

די זעקס הויפּט-אייגענשאַפטען זענען: ריינע קליידונג און ציכטיג-אויסזעהן, איינפאַכקייט, העפליכקייט, בעשיידענהייט, בע-הערשען זיך, פינקטליכקייט.

ר י י נ ק י י ט.

נישט יעדער מענש האָט אַזוי פיעל גליק אין לעבען צו זיין רייך און צו קענען זיך פערגינען צו זיין שטענדיג געקליידעט לויט דער נייעסטער מאָדע, צו לעבען אין לוקסוס און צו קענען זיין עלעגאַנט אויפ'ן העכסטען אַרט. די גרעסטע טייל מענשען זענען נישט רייך און זיי קענען נישט בעפרידיגען זייער שטרעבונג צו קענען אָפט זיך קויפען נייע קליידונג. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז פערזאָנען מיט מיטעלמעסיגע מאַטעריעלע מעגליכקייטען, אָדער אַפילו מיט קליינע מעגליכקייטען, דאַרפען זיין אָבגעלאָזען און פערנאַכלעסיגט.

אַפילו מענשען פון בעשיידענע מאַטעריעלע מעגליכקייטען מוזען זיך שטענדיג פאָרשטעלען ריין און ציכטיג, אַזוי קערפּערליך און אין דער קליידונג.

עס איז נישט פאַרהאַן קיין ערגערע זאַך, וואָס זאָל מאַכען אַזאַ שלעכטען איינדרוק אויף מענשען, ווי א מענש, וואָס געהט נישט ריין געקליידעט, אָדער איז קערפּערליך נישט גענוג ציכטיג.

עס זענען פאַראַן פיעל מענשען, וואָס פערענטפערען זיך טיילמאָל, זיי האָבען נישט גענוג געדולד זיך צו האַלטען ציכטיג און פּינקטליך אין די קליידונג, אַנדערע ווידער ווילען זיך איינבערעננען צייט און האַלטען, אַז עס איז אַן׳איבעריגע זאַך צו וואַשען זיך אַ דריי מאָל אין טאָג די הענד, אָדער צו האַלטען ציכטיג די נעגעל; פאַראַן מענשען, וואָס זענען ווייניג אויפמערקזאַם אויף די ווינקלען פון זייערע אויגען און מויל. גאַר אַ סך זינדיגען מיט די איבערוועש. מען מיינט, אַז מען שפּאָרט איין געלד, ווען מען טוישט דעם קראַגען נור איין מאָל אין וואָך.

דער ריינער אויסזעהן און ציכטיגע קליידונג, דאָס איז די רעקלאַמע פון מענש, דאָס שטעלט איהם פאָר פאַר די אַרומיגע און פאַר די, צו וועלכע מען קומט. דאָס שאַפט דעם ערשטען איינ-דרוק; דערפון איז אָבהענגיג, צי מען זאָל ווערען גוט אויפגענומען אָדער שלעכט, צי מען זאָל אייך גוט אויסהערען, אָדער מען זאָל אייך וועלען שנעל ערלעדיגען און פּטור ווערען.

דאָס האַלטען זיך ריין און ציכטיג דאַרפט נישט קאָסטען אַ סך געלד. דאָס קאָסט אַביסעל מיה און גוטען ווילען. און דאָס בעצאָהלט זיך זעהר און זעהר.

נישט בלויז שבת און יום-טוב דאַרף מען זיין ריין און ציכ-טיג, אויך אַלע טעג דאַרף מען זיך ציכטיג האַלטען. אפילו ביי דער אַרבייט, אין געשעפט, אין ביוראָ, צי אין וואַרשטאַט דאַרף מען אויך געהן ריין און אויסזעהן ציכטיג. אַ מאַנספּערזאָן דאַרף זיין למשל אָפט ראַזירט, נישט מיט קיין פערוואַקסענעם האַלז, מיט ריינע, אָפט-געוואַשענע הענד, אַ פרוי דאַרף זיין פערקעמט און די קליידונג דאַרף זיין ריין.

איידער מען געהט אַרויס אויף דער גאַס, דאַרף מען זיך אונ-בעדינגט קאָנטראָלירען, צי מען איז ריין און צי די קליידונג איז ציכטיג.

זייף, וואַסער און דאָס פערס-אייזען מוזען ווערען זעהר אָפט בענוצט. צוקנייטשטע קליידונג שאַפען דעם איינדרוק, אַז מען איז אַ פערנאַכלעסיגטער מענש און, אַז מען האָט פערלוירען די ענערגיע און אינטערעס צום לעבען.

## איינפאך און נאטוראל.

איבערהויפט פרויען לעבען אין א גרויסען טעות, מיינענדיג, אז מען מוז זיך צוגעבען, מאכען מינעס און אָנשטרענגונגען, כדי ארויסצורופען אין דער געזעלשאפט אויפמערקזאמקייט צו זיך. ווען אט די פרויען וואָלטען געוואוסט, ווי שטארק לעכערליך זיי מאכען זיך, וואָלטען זיי פערשטאנען, אז עס איז שוין בעסער זיך צו האַלטען איינפאך און נאטוראל.

עס זענען שוין אוועק די צייטען, ווען מען האָט זיך בעדארפט צוגעבען און אָנשטרענגען צו רעדען פערצויינגען, איידעל, מען פלעגט פערציהען די ליפען, ווינקען מיט די אויגען, דאָס האָט מען געטהון, כדי מען זאָל אויסזעהן אינטעליגענט. נאָך איצט זענען פאראַן מיידלעך און יונגע פרויען, וואָס מיינען, אז אין א געזעלשאפט דארף מען נישט איינשטעהן גלייך, נור מען מוז ביינגען און קרומען דעם קערפער, אז מען טאָר נישט געהן גלייך און איינפאך, נור מען מוז זיך הוידלען אויף די פיס.

דאָס ווירקט זעהר קאָמיש.

די אוננאטירליכקייט ביים געהן, רעדען און אין די בעוועגונגען מאכען א שלעכטען און לעכערליכען איינדרוק אויף די ארומיגע. מען האַלט אזעלכע פאר נארישע פרויען אָדער טעמפע, אָדער גלאט פאר פראָסטע און געשמאקלאָזע.

דאָס בעסטע און שענסטע איז צו זיין נאטירליך און איינפאך אזוי אין רעדען און אין די בעוועגונגען. ווען מען איז אין דער געזעלשאפט, דארף מען נישט טראכטען, ווי אזוי צו מאכען, דאָס מען זאָל ווערען בעמערקט. אזא שטרעבונג ווירקט מערסטענטייל פונקט פערקעהרט.

## בעשיידענהייט.

הגם יעדער מענש דארף זיין ביי זיך שטאָלץ, פונדעסטוועגען דארף מען זיך נישט האַלטען אזוי זיכער און פעסט און וועלען יעדען אנגוואַרפען זיין מיינונג און ארויסרוקען די אייגענע אויפ-

פאסונג פאר די סאמע ריכטינסטע. מען דארף טאקע זיין שטאלץ ביי זיך, אָבער מען דארף נישט האָבען קיין „מאניע פון גרויס-קייט", דאָס הייסט האָבען איינרעדעניש, אַז מען איז אַ גרויסער מענש.

מען דארף נישט קוקען אויף קיינעם פון אויבען אראָב, און מען דארף אויך נישט רעדען וועגען זייטיגע, נישט-אָנוועזענדע פערזאָנען, מיט גרינגשעצונג און חוזק. דאָס האַלטען זיך גרויס און דאָס בעמיהען זיך אנדערע צו ערנידעריגען, איז פון די ערנסטע איינענשאפטען, וואָס טרייבען-אָב די ארומיגע מענשען פון אַזאַ פערזאָן. אַזעלכען האָט מען נישט ליעב.

איצט האָט מען ליעב מענשען, וועלכע האַלטען זיך בעשיידען און טאקטיש, און ווייסען ווען ארויסצווייזען שטאָלצקייט און זעלבסטווירדע.

## העפליכקייט.

אַ חוץ ריינע און ציכטיגע קליידונג און אויסזעהן, איז העפ-ליכקייט די וויכטיגסטע איינענשאפט פון אַ גוט-ערצויגענעם מענש.

העפליכקייט איז די שענסטע מתנה, וואָס די קולטור האָט אונז געגעבען, די ווירקליכע העפליכקייט, וואָס שטראָמט פון גאַנצען מענשליכען וועזען, איז אַ בעגאַבונג פון גאָטס גענאָד, אָבער יעדער מענש קען ארויסווייזען אַ גענוגענדע מאָס העפליכקייט, מען דארף זיך נור דערמיט איינלעבען.

זעהר אָפט האָבען מיר וועגען העפליכקייט אַ פאַלשען בע-גריף. פיעל מענשען קענען מיינען, אַז דאָס אָבטרעטען אַ פּלאַץ אין טראמוויי אָדער אין דער באהן פאר אַ שעהנע יונגע דאמע, איז העפליכקייט, אָדער ווען מען גיעט עמיצען אַ שטויס אין אַ זייט און מען ענטשולדיגט זיך, הייסט ארויסגעוויזען העפליכקייט.

עס איז נישט קיין ספק, אַז אויך דאָס איז העפליכקייט, אָבער ווירקליכע העפליכקייט הייסט, ווען מען טרעט-אָב אַ פּלאַץ אין וואַגאָן פאר אַ נישט-שעהנע פרוי, וועלכע ווייזט ארויס מידע-קייט, פאר אַ־עלטערע דאמע אָדער פאר אַ קאליקע. אַ־אמת'ער

דזשענטעלמען וועט זיך נישט בייזערען, ווען מען האָט איהם גע-געבען נישט-ווילענדיג א שטויס, נור ער וועט נאָך אליין זיך ענט-שולדיגען, ווייל מיט זיין נישט-אויפמערקזאמקייט, האָט ער נישט פערהיט דערפון, אז יענער זאָל איהם נישט דאַרפען אָנשטויסען.

וואָס הייסט דאָס אמת׳ע העפליכקייט?

דאָס איז אזא בעציהונג אין א געזעלשאַפט אָדער אין עפענט-ליכע ערטער, וואָס רייצט נישט קיינעמס געפיהלען, מען איז גרייט צו דינען און צוהעלפען, ווען דאָס איז נויטיג, און צו מאַכען אויפ-מערקזאַם, ווען עס דראָהט עמיצען עפּעס אונאנגענעמעס אָדער צו האָבען א פערלוסט, און מען מיידט-אויס יעדען פאַל, וואָס קען ארויסרופען א קאָנפליקט.

א פאַרנעמער, עלעגאנטער מענש איז שטענדיג העפליך, ווייל ער ווייסט, אז מיט העפליכקייט געווינט מען די אלגעמיינע סימ-פּאַטיע און אויפמערקזאַמקייט. מיט העפליכקייט געווינט מען דאָס הארץ פון יעדען מענש.

יעדעס קינד דאַרף מען פון די פריהסטע יאָהרען צוגעוואוינען צו העפליכקייט. ביי יעדען שלעכטען, נישט-העפליכען טהאַט, דאַרף מען דעם קינד אויפמערקזאַם מאַכען, אז דאָס איז נישט העפליך. דאָס וועט איהם ערציהען און די העפליכקייט וועט ווערען די צווייטע נאַטור.

א דערוואקסענער מענש קען זיך לייכט צוגעוואוינען צו דער דאָזיגער זעלטענער אייגענשאַפט.

קודם-כל דאַרף מען זיך צוגעוואוינען אָפּט צו בענוצען די ווערטער „ביטע", „דאַנקע", „ענטשולדיגט". דאָס איז נישט שווער. דאָס קאָסט נישט קיין געלד און ווער איז דען אימשטאַנד אָבצושאַ-צען אויף וויפיעל דאָס עפענט דאָס הארץ פון מענש, מאַכט איהם צוגענגליך און גוטמוטיג.

מען קען נישט פיהרען א דאָפּעלטע בוכהאַלטעריע בנוגע העפליכקייט, צו יונגע מיידלעך און צו שעהנע דאַמען זיין העפליך און צו עלטערע פרויען אָדער צו מענער זיין רויה, גראָב. העפליכקייט און גראָבקייט זענען איינגעוואָהנטע אייגענשאַפטען, די, וואָס האָבען זיך איינגעלעבט דערמיט, פיהלען שוין אליין נישט, ווי

זיי בּעגעהען אינסטינקטיוו טהאטען פון העפליכקייט אָדער גראָבּ-
קייט. דער מענש, וואָס וויל זיין העפליך, מוז זיך בּעציהען העפליך
צו אַלעם אָהן אויסנאהם, נור אַזוי וועט דאָס ווערען זיין צווייטע
נאַטור. אין געגענטייל וועט ער אַליין נישט פיהלען, ווי ער וועט
בּעגעהן גראָבּקייטען אפילו דעמאָלט, ווען ער וואָלט געוואָלט זיין
העפליך.

דאָס איז איינס פון די וויכטיגסטע פּרינציפּען פון העפּ-
ליכקייט.

דערבּיי דאַרף מען נאָך נעמען אין אכט, אַז מען קען קיינ-
מאָל נישט וויסען, צי די פּערזאָן, צו וועלכע מען בּעציהט זיך רויה,
אָרגאַנאַנטיש, וועט שפּעטער נישט שפּיעלען אַ ראָלע אין אייער
לעבּען. דער עלטערער הערר אָדער די עלטערע פרוי קען האָבּען
אַ שעהנע און יונגע טאָכטער אָדער אייניקעל, וועמען איהר ווילט
שטאַרק געפעלען, און פון די עלטערע איז אָבּהענגיג אייער גורל.
אויבּ אַזעלכער האָט אַ מיינונג, אַז איהר זענט נישט קיין איי-
דעלער אָדער העפליכער מענש, וועט ער כסדר אויפוויזען אייערע
בּעהלערען פאַר די פּערזאָן פאַר וועלכער איהר ווילט שפּיעלען די
ראָל פון אַ דזשענטעלמען.

דאָס זעלבּע קען דאָס אַמאָל שטערען ביי בּעקומען אַ פּאָסטען;
איהר פערנעמט אַ שטעלע אין אַ בּיוראָ, אין אַ בּאַנק, אָדער אין
אַ געוועלבּ, איהר בּעהאַנדעלט עמיצען נישט העפליך, רויה אָדער
גראָבּ. און עס טרעפט זיך זעהר אָפט, אַז אין אַ צייט אַרום דאַרף
מען האָבּען די טובה פון די זעלבּע שלעכט-בּעהאַנדעלטע פּערזאָן,
פון איהר איז אָבּהענגיג דאָס בּעקומען אַ נייעם בּעסערען פּאָסטען.
עס פערשטעהט זיך, אַז איהר האָט נישט אַ פרייען וועג צו די פּערזאָן.
און אויבּ איהר נעמט אייך יאָ די דרייסטקייט צו ווענדען זיך צו
אַזעלכען, טו טראַכט נור איבּער וואָס פאַר אַ מיינונג די פּערזאָן
האָט וועגען אייך.

די העפליכע בּעציהונג קאָסט נישט קיין געלד, אָבּער זי
איז ווערט אונשאַצבּאַרע אוצרות, זי בּעצאָהלט זיך שטענדיג, הע-
מאָלט, ווען מען ריכט זיך נישט דערויף.

פאַר נישט-העפליכקייט, גראָבקייט בעקומט מען אָפט בעצאָהלט מיט דעם זעלבען.

מיר ווילען דאָ נאָך אונטערשטרייכען אַ וויכטיגע זאַך: העפליכקייט איז געזונד פאַר'ן מענש; דאָס בערוהיגט די נערוועז, שאַפט אַ גוטען, לייכטען מוט, פון אַ העפליכע בעציהונג צו מענשען האָט מען אַליין הנאה. זיכער האָט זיך דערין יעדער מענש שוין איבערצייגט; אָפט הערען מיר, ווי עמיצער בעריהמט זיך, אַז אין אַ געוויסען פאַל האָט ער אַרויסגעוויזען היפליכקייט און ער האָט דערביי גרויס פערגעניגען, וואָס ער איז אַזוי געווען.

פונקט פערקעהרט איז מיט אונהעפליכקייט, מיט רויהע און גראָבע בעציהונג: דאָס צעררייצט די נערוועז, שאַפט אַ שלעכט געמיט, און מען האָט אָפט דערפון קרענקונג.

העפליכקייט, דאָס איז די איידעלע בעציהונג פון מענש צום מענשען, דאָס הייסט אויפמערקזאַם צוהערען זיך, וואָס מען פרעגט זיך אָן, ענטפערען אין אַ גוטמוטיגען טאָן, אָהן געבייזער, געבען גענויע ערקלערונגען, ווען מען פרעגט עפּעס, אַרויסווייזען געדולדיגקייט; בעת מען רעדט מיט אַ מענש, זאָל מען נישט שטעהן גרייט צום ענטלויפען, אָדער האַלב אומגעדרעהט. אויב מען מוז זיך אומדרעהען אָדער אַוועקגיין אינמיטען רעדען, דאַרף מען זיך ענטשולדיגען.

אַ מענש, וואָס איז נישט העפליך, בעווייזט, אַז ער האָט נישט קיין עסטעטישען געשמאַק און האָט אַ פערדאָרבענעם כאַראַקטער.

## בעהערשען זיך.

אויב העפליכקייט איז ווערט גאָלד, איז דאָס בעהערשען זיך ווערט צו בעצאָהלען מיט בריליאַנטען. דערביי זעהט מען ערשט רעכט, ווער עס איז אַ מענש מיט גוטע מאַניערען, און ווער עס איז אַ פּראָסטער, גראָבער מענש אָהן די מינדעסטע גוטע איינגעשאַפטען. מיר האָבען זעהר אָפט הנאה צו הערען דערצעהלען וועגען מענשען, וועלכע ווייסען, ווי אַזוי זיך צו האַלטען און לאָזען זיך נישט אַרויספיהרען פון דער גלייכגעוויכט. דאָס איז ווירקליך

א קאַלאָסאַלע גוטע מעלה, פאַרוואָס זאָל דאָס נישט בעזיצען יעדער איינער?

דאָס בעהערשען זיך איז פון די אייגענשאַפטען, וואָס מיר בעזיצען ליידער אין א שוואכער מאָס. אלס מענשען מיט א היצי-גען טעמפעראַמענט, מיט א גרויסע מאָס איניציאַטיוו און זעלבסט-ווירדע, קענען מיר זעהר אָפט נישט בעהערשען זיך, ווען עס דאכט זיך, אַז עמיץ האָט ג ע מ י י נ ט צו בעליידיגען אָדער צו קריטיקירען.

בעזונדערס איז זעהר א גרויסע טייל יודישע יונגע פרויען און יונגעלייט שווער זיך צו בעהערשען. ביי די מינדעסטע נישט-גינסטיגע געשעהענישען אין זייער לעבען, געהען זיי אַרויס פון די „האַלאַבאַליעס" און לאָזען אין גאנג זייער צאָרען, אויפרעגונג, נערוועז און... ווערטער, ווערטער, ווערטער אָהן מאָס און קאָנטראָל...

דער, וואָס וויל האָבען א גוטען נאָמען אין דער געזעלשאַפט, צווישען זיינע פריינד, בעקאַנטע און צווישען די ארבייטס-קאָלעגען, דאַרף אונבעדינגט זיך בעמיהען צו קענען זיך בעהערשען.

מען מוז זיך אָנשטרענגען צו בעהערשען זיך און צו דער-שטיקען אין זיך דאָס געפיהל פון בעליידיגונג אָדער כעס, אָדער נישט ארויסווייזען עפענטליך דעם צער, וועהטאָג, ליידען, וואָס מען פיהלט אין זיך. מען דאַרף דאָס נישט ארויסווייזען אין א רויהער פאָרם מיט געשרייען און גענענבעליידיגונגען.

דאָס הייסט אבסאָלוט נישט, אַז מען זאָל נישט האָבען קיין זעלבסטווירדע אויף צו קענען העפטיג רעאַגירען אויף בעליידיגונ-גען, דאָס הייסט אויך נישט, אַז מען האָט א שטיינערן הארץ אויף נישט ארויסצווייזען דעם אינערליכען צער, ליידען אָדער אייפער-זוכט. מען דאַרף נור דאָס נישט ארויסווייזען עפענטליך.

אין דעם מאָמענט, ווען מען דערפיהלט, אַז עס וואַקסט אי-נערליך א צאָרן צוליעב אַנ'אורווירדיגען ארויסטריט פון עמיצען, דאַרף מען זיך „נעמען אין דער האַנד אריין", מען דאַרף מאָמענטאַל אָבשאַצען, אַז יענער איז בעגאַנגען אַנ'אונטאַקטישען שריט און מען דאַרף נישט ענטפערען אויף דעם זעלבען אופן, נור רוהיג, נישט מיט בעליידיגענדע גראָבע ווערטער, נור מיט א פעסטען און קאַ-טעגאָרישען טאָן, מיט גוט-קאָנטראָלירטע ווערטער און אויסדריקען.

עס טרעפט זיך דאָך אָפט, ווען מען ווערט אין כעס צוליב א זאַך, וואָס גראָד דער אטאקירענדער איז גערעכט, נור יענער בע-נוצט זיך מיט נראָבקייטען צו מאָטיווירען זיינע טענות, דעמאָלט קומט נאָך מעהר צונויז דאָס בעהערשען זיך. דעמאָלט דאַרף מען זיך אליין בעהערשען און אויך קענען דערמיט דעם צווייטען צוריק-פיהרען אויף די שינעס פון גלייכגעוויכט.

דאָס נישט-בעהערשען זיך שניידט-אָב דעם וועג צו די פּער-זאָן, מיט וועלכע מען האָט א צייטווייליגען סכסוך. דאָס בעהערשען זיך דאַנגען פערגלעט דעם סכסוך און מען קען אין מעהרסטענטייל פאַלען, ווייטער זיין אין גוטע בעציהונגען.

גאַנץ בעזונדערס דאַרף מען זיך קענען בעהערשען, ווען מען געפינט זיך אין א געזעלשאַפט; עס קענען זיך אמאָל געפינען אין דער געזעלשאַפט פּערזאָנען אָהן טאַקט, אָהן געשמאַק, וואָס מיט זייער נישט-העפליכע און טאַקטלאָזע בעציהונגען אָדער רייד, בע-ליידיגען זיי אַנדערע; מען דאַרף דעמאָלט נישט ארויסווייזען א כעס אָדער בעליידיגונג. עס איז שעהנער און אינטערעסאַנטער, ווען מען נטפערט גאָרנישט, נור אין א ווײַלע ארום רוקט מען זיך אָב פון דער גרופּע, ביי וועלכע מען האָט געהאַט אַניאונאַנגענעמליכקייט און פון דעמאָלט-אָן מיידט מען אויס די פּערזאָן, וואָס האָט ארויסגע-רופען די בעליידיגונג. אין בעסטען פאַל קען מען אין א לייכטען טאָן ענטפערען מיט א וויץ און גרינגשעצענדען אויסדרוק אויפ'ן אדרעס פון בעליידינער.

ווען אין א געזעלשאַפט ווערט דעבאַטירט, דאַרף מען דעם-גלייכען אויסמיידען שאַרפע ווערטער, וואָס בעליידינען. מען קען וואַרפען מיט פאַקטען ,ארגומענטען, אָבער נישט מיט גראָבע און בעליידיגענדע אויסדריקען.

אין א געזעלשאַפט פון מענשען דאַרף מען נישט ארויסווייזען קיין כעס צו אַנדערע און מען דאַרף נישט מיט ווערטער זיך אויס-דריקען, אז דער אַנדערער, וואָס געפינט זיך אויך אין דערזעלבער געזעלשאַפט, ווייסט נישט וואָס ער רעדט. דאָס איז א גראָבע בע-ליידיגונג, אַניאונטאַקט. מען דאַרף אויך אין דער געזעלשאַפט נישט ארויסווייזען קיין גרינגשעצענדע בעציהונג צו פּערזאָנען, וואָס זענען

אנוועזענד, וועלכע האָבן מיט קיין טהאַט נישט פערדינט די גרינג-שעצונג אין דער עפענטליכקייט, מען דאַרף נישט עפענטליך ארויס-ווייזען, אז יענער ווייסט נישט, וואָס ער רעדט, אז ער איז נישט בעקאַנט מיט די זאַך, וועגען וועלכער ער רופט זיך אָן. אין די אַלע פאַלען דאַרף מען זיך קענען בעהערשען.

אַנ׳אמת-קולטורעלער מענש שטרייבט קיינמאָל נישט אונטער יענעמס שוואַכע קענטניש, אָדער טאַקטלאָזיגקייט, ער קען ענטפערען מיט זיין אייגענער קענטניש און טאַקט, די אַנוועזענדע וועלען שוין אַליין פערשטעהן דאָס איבעריגע.

ווי אָפט טרעפט דאָס זיך איצט, אז געפינענדיג זיך אין אַ געזעלשאַפט, ענטשטעהט אַנ׳אורזאַכע פון אייפערזוכט; דאָס דאַרף מען ספּעציעל בעהערשען. ערשטענס, ווירקט די אייפערזוכט אין אַ געזעלשאַפט זעהר שלעכט, און שאַפט אָפט אַ קאָמישע סיטואַציע, פון וואָס מען האָט נאָכהער צו רעדען.

פּינקטליכקייט.

אין לעבען צווישען נאָהנטע מענשען און אין דער געזעלשאַפט, שפּיעלט נישט קיין קליינע ראָל די פּינקטליכקייט.

וויפיעל בייז-בלוט, פּערדרוס און קרינגערייען רופט ארויס די נישט-פּינקטליכקייט פון מאַנכע מענער און פרויען. מען קומט נישט צו דער בעשטימטער צייט אויף דעם „ראַנדעוואו״, דער, וואָס וואַרט, ווערט אונרוהיג, נאָכהער בייז און צום סוף צאָרניג פאַר דער גרינגשעצענדער בעציהונג פון לאָזען וואַרטען. ווי אָפט קומט עס צו ערנסטע קריגערייען צווישען מענער און פרויען, מאַן און ווייב, ווייל מען איז נישט געקומען צו דער אָבגערעדטער צייט, דעריבער פערשפּעטיגט מען צו געהן אין קינאָ, אין טעאַטער אָדער צו-גאַסט.

מען דאַרף אויך זיין פּינקטליך מיט׳ן האַלטען וואָרט ביי אַ פערשפּרעכען. אויף בעקאַנטע און פריינד ווירקט זעהר שלעכט, ווען מען האַלט נישט קיין צוזאָג. זעהר אָפט שטעלט מען אין

א שווערע סיטואַציע די פּערזאָנען, וועלכע מען האָט פּערשפּראָ-
כען צו ערלעדיגען עפּעס, אָדער צו טהון א געפעליגקייט און מען
מעלדעט זיי נישט צו דער ריכטיגער צייט דעם רעזולטאַט. דאָס
פּערשאַפּט א שלעכטען נאָמען פון אַניעהרענלאַזען מענשען.

# ווי אזוי דארף מען זיך פּרעזענטירען

די בעציהונג פון מענשען צו אונז, איז פולשטענדיג אָבהענגיג דערפון, ווי מיר אליין פּרעזענטירען זיך אויסערליך. דאָס אויסזעהן, קליידונג, די מאַניערען און די בעוועגונגען שאַפען די מיינונג וועגען יעדען פון אונז. וויל מען, אַז מען זאָל וועגען אונז האָבען אַ גוטע מיינונג, דאַן זאָל מען אויפּפּאַסען, אַז מען זאָל זיך אויסערליך גוט פּרעזענטירען. מען זאָל אין דעם הינזיכט נישט האָבען, וואָס אונז פאַרצוואוּאַרפען.

דאָס גוט-פּרעזענטירען זיך קען אָפּט-מאָל קאַליע ווערען צו-ליעב קלייניגקייטען, און דאָס מאַכט אַ שווערען איינדרוק און אַרבייט אויס אַ שלעכטע מיינונג. עס איז, למשל, גענוג, אַז אַ מענש זאָל נישט אַרויסלאָזען דעם פּאַפּיראָס פון מויל, אין דער צייט, ווען ער רעדט מיט עמיצען, אַז מען זאָל וועגען אַזאַ איינעם מיט דער גאַנצער זיכערהייט זאָגען, אַז ער איז אַ שלעכט-ערצויגענער מענש און ווייסט נישט, ווי אַזוי זיך צו האַלטען.

מיט אַזעלכע און נאָך אַנדערע קלייניגקייטען שטופּט מען אָב פון זיך, מען פערלירט דעם חשק צו אונטערהאַלטען זיך מיט אַזעלכען.

## קליידונג.

אין דער פּרעזענטאַציע פון יעדען מענש, שפּיעלט די הויפּט-ראָל די קליידונג. עס איז גענוג אַ קליין ביסעלע גוסט און עסטעטיק, אַז מען זאָל וויסען שטענדיג, ווי אַזוי און וואָס זיך אָנצוטהון. איצט ווערט געלעגט זעהר פיעל אויפמערקזאַמקייט אויף די קליי-דונג, און טאָמער איז מען געקליידעט געשמאַקלאָז אָדער גלאַט פערנאַכלעסיגט, שטויסט מען אָב פון זיך און מען ווערט אויסגעלאַכט.

דער הויפּט-פּרינציפּ פאַר אַ פערזאָן, וואָס וויל זיין געשמאַק און עסטעטיש געקליידעט, איז צופּאַסען די בעזונדערע טיילען פון

דער קלײדונג, אַז זײ זאָלען האַרמאָניש זײן צוגעפּאַסט צו זיך און די גאַנצע קלײדונג זאָל װידער ענטשפּרעכען צו דער צײט און אָרט. יעדער פערשטעהט, װי לעכערליך עס איז צו טראָגען אַנ׳אָװענד-קלײד אין אַ שעהנעם זוניגען פריהמאָרגען, דאָס זעלבע איז גע-שמאַקלאָז צו קומען אין אַ ספּאָרט-אַנצוג אויף אַ טאַנץ-אָװענד.

בײ קלײדונג איז עס אונמעגליך צו געבען אויספיהרליכע אָנ-װײזונגען, װײל די מאָדע ענדערט זיך שנעל, מיר װעלען אָבער געבען אַ רײה אַלגעמײנע ערקלערונגען, װעלכע װעלען שטענדיג צונוץ קומען.

פרויען קען מען שטענדיג ראַטען אויסצומײדען העלע, שרײענדיגע קאָלירען אויף מאַנטלען און הוט, דאָס איז גוט פאַר דעם סאָרט פרויען, װעלכע דאַרפען און מוזען, אַז מען זאָל זײ בעסער אָנזעהן אויף דער גאַס. די פײנע און עלעגאַנטע דאַמע און פרײלײן דאַרף אָפּילו די העלע קאָלירען פאַר איהר פריהלינג און זומער-טואַלעט, אַזוי צוקלויבען, אַז זײער העלקײט זאָל זײן פון אַ רוהיגען טאָן, נישט פון רײסענדיגע, שרײענדיגע פאַרבען.

דער צװײטער פּרינציפּ דאַרף זײן, זיך רעכענען מיט דעם עלטער. אַ יונג-מײדעל אָדער יונגע פרוי דאַרף נישט שטענדיג טראָגען גאַנץ-טונקעלע קלײדונג, דאָס נעמט-צו דעם יוגענד-רײץ, פּונקט אַזוי איז לעכערליך, װען עלטערע פרויען װילען זיך מיט געװאַלד יונג-מאַכען מיט טראָגען קלײדער פון קאָלירען און שניט, װאָס פּאַסט נור פאַר יונגע פרויען. מילא יונג װערט מען נישט דערפון, דערפאַר װערט מען לעכערליך אין די אויגען פון אַלעמען.

קאָלירען זענען אין דער פרויען-קלײדונג אַ מאָדע-זאַך, אָבער עס זענען פאַרהאַן שטענדיגע פּרינציפּען, װאָס די מאָדע קען איבער זײ נישט האָבען קײן װירקונג. אײנע פון די הויפּט-פּרינציפּען איז, װי געזאָגט, די האַרמאָניע פון די קאָלירען. אָפּילו דעמאָלט, װען עס איז די מאָדע אויף פערשיעדענע קאָלירען אין די קלײדונג, למשל דער קאַפּעלוש זאָל זײן פון אַנ׳אַנדער קאָליר, װי דער מאַנטעל אָדער קאָסטיום, צי קלײד, אויך דאַן דאַרף מען גוט-צופּאַסען די קאָלירען.

למשל עס איז מאָדיש די קאַנאַרקאָװע-קאָליר, הײסט דאָס

נישט, אַז מען קען צו יעדען קאָליר קלייד, אָדער קאָסטיום, אָנ־טהון אַ הוט פון קאַנאַרקאָווע־קאָליר. אַזוי אַ שטייגער איז זעהר נישט פּאַסיג צו טראָגען אַ קאַנאַרקאָווע הוט צו אַ קאָסטיום פון גראַנאַט, טונקעל גרין, טונקעל גראָה, אָדער שוואַרץ, צי גאָר טונקעל באָרדאָ. דאָס איז לעכערליך אַפּילו, ווען קאַנאַרקאָווע איז די מאָדישע קאָליר. אַ הוט פון דער קאָליר איז פּאַסיג נור צו אַ מאַנטעל אָדער קאָסטיום פון העל־בּרוין, העל־בּלוי, העל־רויט, קרעם, אָדער גאָלדיגע קאָליר. דאָס זעלבּע איז נישט האַרמאָניש צו טראָגען אַ הוט פון טונקעל גראַנאַט אָדער טונקעל באָרדאָ, אָדער טונקעל גרין, צו אַ העל־גראָען קאָסטיום אָדער צו אַנדערע העלערע שטאָפען. אַזעלכע גוט־טונקעלע קאַפּעלושען זענען פּאַסיג צו טראָגען נור צו קאָסטיומען פון דער עהנליכער קאָליר, וואָס דער קאַפּעלוש, אָדער צו טונקעלע קאָסטיומען.

איבּער אַלע מאָדעס פון די פערשיעדענע קאָלירען צווישען הוט און קאָסטיום, זיעגט שטענדיג דער איינהייליכער טאָן. דאָס איז דאָס געשמאַקסטע און איז עסטעטיש. אָבּער אַפּילו דעמאָלט, ווען עס איז מאָדיש דער איינהייטליכער טאָן אין דער פרויען־קליידונג, איז אויך בעסער, אַז דער קאַפּעלוש זאָל נישט זיין גאַנץ־גענוי פון דער זעלבּער קאָליר, וואָס דער מאַנטעל אָדער קאָסטיום. דאָס איז שוין צופיעל איינטאָניג. עסטעטישער און שענער איז, אַז דער קאַפּעלוש זאָל זיין פון אַנ׳אַנדער שאַטירונג, אָבּער פון דער זעלבּער קאָליר, וואָס דער קאָסטיום, אַזוי אַ שטייגער איז גוט, אַז דער קאַפּעלוש זאָל זיין אַ טאָן טונקעלער פון קאָסטיום, און די זאָקען ווידער אַ טאָן העלער פון קאָסטיום.

אייביג וועט בלייבען מאָדיש און עלעגאַנט דאָס אָנווענדען זעהר טונקעלע קאַפּעלושען צו פּרעס־ווייסע אָדער קרעם־קאָסטיומען אין זומער. צו אַזאַ העלען זומער־קאָסטיום קען מען דרייסט טראָגען אַ טונקעלען קאַפּעלוש פון גראַנאַט, גרין, רויט אָדער שוואַרץ, ווי אויך אַ פּאַסיק צום קאָסטיום פון זעלבּן קאָליר, וואָס דער קאַפּעלוש.

דערפאַר איז נישט אַזוי שטאַרק קאָמפּליצירט די מענער־קליידונג. די מענער דאַרפען זיך נישט אַזוי שטאַרק יאָגען נאָך דער מאָדע, אָבּער מען מוז אויך אָנווענדען געשמאַק און פּינקטליכקייט.

ביי מענער-קליידונג שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע, אַז דער אַנצוג זאָל זיין שטענדיג ריין, אָהן פלעקען אויף די קלאַפּעס; דאָס ווירקט זעהר שלעכט, און דאַרף זיין אָפט געפּרעסט. די הויזען דאַרפען זיין גאָר אָפטער געפּרעסט. אפילו אַניעלטערער אַנצוג, ווען ער איז גע-האַלטען ריין און פּינקטליך געפּרעסט, מאַכט דאָס אַ בּעפרידיגענדען איינדרוק. מען דאַרף אַכטונג געבּען יעדען אין דערפּריה, אַז דער קאָלנער פון אַנצוג און מאַנטעל זאָלען נישט זיין פערשטויבּט.

די קעשענעס דאַרפען נישט זיין צופיעל אָנגעפּאַקט, דאָס איז נישט שעהן, עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז מען איז פערנאַכלע-סיגט און מען פוילט זיך יעדע פּאָר טעג איבּערצוקוקען דעם פּאָרטפּעל און די קעשענעס, כדי אַרויסצוואַרפען דאָס, וואָס עס איז שוין אוננוצליך.

מען דאַרף אָפט אַכטונג געבּען, אַז די קנעפּלעך, וואָס דאַר-פען זיין פערשפּילעט, זאָלען טאַקי זיין פערקנעפּעלט, אַזוי פון וועסטעל א. ד. גל.

אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט דאַרף מען האָבען אויפ׳ן קראַוואַט. מען דאַרף אַכטונג געבען, אַז ער זאָל זיין שטענדיג גוט-אויסגעבּונדען, ער זאָל נישט זיין אַוועקגערוקט אין אַ זייט, און מען דאַרף נישט אַרויסזעהן די ספּינקע פון קאָלנער. דאָס רעדט פון פערנאַכלעסיגקייט.

די שיך מוזען זיין שטענדיג ריין און אויסגעפּוצט.

פאַר די מענער לוינט זיך צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען קראַוואַט. זעהר פיעל זינדיגען דערבּיי מיט׳ן געשמאַק.

קראַוואַטען מעגען זיין פון שרייענדיגע קאָלירען, אָבער זיי מוזען זיין האַרמאָניש צוגעפּאַסט צום קאָסטיום.

צו אַ טונקעלען אַנצוג פון גראַנאַט, שוואַרץ, גרין, אָדער ברוינער-שטאָף, איז שטענדיג שעהן און עלעגאַנט צו טראָגען אַ טונקעלען קראַוואַט, וואָס ענטהאַלט שרייענדיגע קאָלירען, ווי גאָלד-פּאַסען, העל-בּלאָע קאָלירען, אָדער רויטע פּאַסען, אויף אַ טונקעלען פּאָן, אָדער אַ טונקעל רויטער קראַוואַט מיט העלע שרייענדיגע קאָלירען, פון זילבּער, ווייס, אָדער גאָלד-קאָלירען. דער פּרינציפּ דאַרף זיין, אַז צו אַ טונקעלען אַנצוג נוצט מען

א קראַוואַט פון אַ טונקעלען פּאַן (טלאָ) מיט אַ העל-שרייענדיג מוסטער.

צו אַ העל-גראָהען אנצוג איז שעהן צו בענוצען אַ קראַוואַט פון שוואַרץ, ווייס אָדער גראָהע קאָליר'ען.

צו אַ העלען-אַנצוג דאַרף מען טראָגען העלע קראַוואַטען, אָבער דער הויפּט-קאָליר דאַרף זיין עהנליך צו דער קאָליר פון אַנצוג.

ביי ספּעציעלע פייערליכקייטען טראָגען מענער אַ פראַק. דער-צו איז נויטיג צו טראָגען אַ ווייס העמד מיט אַ ווייסען געפּרעסטען גאָרס און אַ שטייפען אויפגעשטעלטען קאָלנער, מיט אַ ווייס שלייפעל אויסגעבונדען, ווי אַ קאָקאַרדע, דאָס וועסטעל מוז זיין פון ווייסע פּיקע אָדער פון זיידענעם ריפּס. אַ פראַק מוז מען מאַכען פון טייערסטען שטאָף, כדי ער זאָל קענען נוצליך זיין פיעל יאָהרען. דאָס העמד צו אַ פראַק מוז זיין אידעאַל ווייס, אָהן מינדעסטען פלעק, און מוז זיין מיט געפּרעסטע מאַנקעטען. אין גאָרס דאַרף מען טראָגען ווייסע ספּינקעס פון פּערלמאַסע. צו די מאַנקעטען דאַרף מען אונבעדינגט טראָגען ספּינקעס, וואָס זאָלען זיין דאָ-פּעלטע, פון ביידע זייטען גלייך.

צו אַ פראַק מוז מען שטענדיג טראָגען לאַקירטע פאַנטאָפעל, און אונבעדינגט שוואַרצע גוטע שקאַרפּעטען, בעסער איז זיידענע.

אין אַ פראַק איז נישט שעהן ארויסצוגעהן אויף דער גאַס, אַפילו זומער. מען דאַרף אויף איהם אָנטהון אַ טונקעלען מאַנטעל.

אַביסעל ווינציגער פייערליך, איז דער סמאָקינג, וואָס איז איצט שטאַרק פּאָפּולער און איז געוואָרען די בעליעבטע קליידונג פון אַלע מענער אויף פערוויילונגען און פייערליכקייטען.

צו אַ סמאָקינג דאַרף מען בענוצען אַ שוואַרץ שלייפעל, אויס-געבונדען אַזוי ווי אַ קאָקאַרדע, און אַ שוואַרץ וועסטעל, פון זעלבען שטאָף, וואָס דער סמאָקינג, אָדער פון שוואַרץ-זיידענער מאָרעי. קיינמאָל זאָל מען נישט צו אַ סמאָקינג אָנטהון אַ ווייס וועסטעל, אָדער אַ ווייס קראַוואַטעל. אין דער בוטאָניערקע זאָל מען אַריינ-שטעקען אַ ריין ווייס טיכעל.

זשאַקעטען ווערען איצט דורך מענער וועניג גענוצט. דאָס קען מען טראָגען נור אין ביורא, ביי אַ בעשעפטיגונג אָדער אַפילו

אין גאַס אין פריהלינג אָדער אין שפּעטען זומער. צו אַ זשאַקעט טראָגט מען טונקעל-שאַרע הויזען מיט פּאַסעקלעך, לאַקיערקעס און שוואַרצע שקאַרפּעטען.

לעצטענס ווערט שטאַרק גענוצט צו וויזיטען שוואַרצע מאַרי-נאַרקאָווע קאָסטיומען אָדער פון טונקעל גראַנאַט. שענער איז אָבער שוואַרץ. צו אַזאַ וויזיט-אַנצוג קען מען טראָגען הויזען פון זעלבען קאָליר און שטאָף, אָדער טונקעל-שאַרע אין פּאַסעקלעך. דערצו מוז מען טראָגען נור אַ ווייס העמד, געפּרעסטער קאָלנער און גאָרס, דער קראַוואַט מוז זיין אין פון טונקעלע קאָליר, ווי, למשל, באָרדאָ, גראַנאַט, אָבער נישט פון פערשיעדענע העלע קאָלירען און דעסענעס.

דערפאַר איז שוין מעהר פערשיעדענאַרטיג די טאָג-טעגליכע מענער-קליידונג.

בעשיידען און עלעגאַנט איז שטענדיג אַ גאַרניטור, וואָס די הויזען און וועסט זענען פון זעלבען שטאָף, וואָס די מאַרינאַרקע. אָבער מען קען צו אַ טונקעלע מאַרינאַרקע און וועסט פון גראַנאַט, שוואַרץ, טונקעל-ברוין דרייסט טראָגען אַ פּאָר הויזען פון טונקעלען שאַרע שטאָף מיט העלערע שטרייפען. דאָס וועסטעל מוז אָבער שטענדיג זיין פון זעלבען שטאָף, וואָס די מאַרינאַרקע.

אין דער בוטאָניערקע פון אַ טונקעלען אַנצוג, איז פּאַסיג צו האַלטען אַ ווייס-זיידען טיכעלע, אָדער אויך אַ קאָלירטס, וועל-כעס זאָל מיט זיינע קאָלירען  האַרמאָנירען  צו די קאָלירען פון קראַוואַט.

*

אין טאָג-טעגליכען לעבען קען מען טראָגען קאָלירטע העמדער, אָדער טאָג-העמדער פון ווייסען-שטאָף. דעם קאָלנער דאַרף מען דורכאויס טראָגען לויט דער מאָדע, אַ געפּרעסטען, אָדער אַ ווייכען, צי גאָר אַ קאָלירטען צום העמד, אָבער אונבעדינגט לויט דער מאָדע.

מיר ווילען אויף דעם אָרט מאַכען אויפמערקזאַם די מענער אויף אַ וויכטיגען פּרט. מענער זענען געוואָהנט נישט אַזוי שטאַרק נאָכצולויפען דער מאָדע. אמת, אז אָפט רייצט דאָס נישט, ווייל די מאָדע פון מענער-קליידונג אונטערשיידעט זיך וועניג, אפילו ביי

די גרעסטע מאָדע-ענדערונגען. אָבער מיר ראַטען דורכאויס צו היטען די מאָדע פון קעלנער און וועש. דאָס אָבהיטען די מאָדע אין דער טייל קליידונג, איז נישט פערבונדען מיט קיין גרויסע אויסגאַבען, און שפּיעלט דערפאַר אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין דער בע-ציהונג פון מענשען.

ביי מענער ווערט נישט אַזוי פיעל בעמערקט די מאָדע פון שניט פונ'ם גאַרניטור, אָדער פון הוט, ווי מען בעמערקט דאָס שטענדיג אויפ'ן קאָלנער און וועש. ווען מען שמועסט מיט אַ מאַנס-פערשוין, קוקט מען שטענדיג איהם אויפ'ן קאָלנער און אויפ'ן פייל-העמד, וואָס מען זעהט אַרויס ביים קראַוואַט. דאָס טראָגען דעריבער אַ קאָלנער אָדער העמד נישט לויט דער מאָדע, ווירקט זעהר שטאַרק אויף די, וואָס בעמערקען דאָס. מען בעקומט דעם איינ-דרוק, אַז מען האָט צוטהון מיט אַ פערנאַכלעסיגטען און נישט-ציכטיגען מענש, וואָס האָט נישט קיין שום אינטערעס צום לעבען.
מיר מוזען דאָ ברענגען עטליכע ביישפּיעלען:

איצט, אין יאָהר 1930, איז למשל די מאָדע צו טראָגען אַ האַרטען ווייסען איינגעלענטען קאָלנער, אָהן אונטערשיעד פון זומער און ווינטער און אָהן אונטערשיעד צי מען טראָגט אַ קאָלירט העמד אָדער אַ ווייס. מוזען זיך די מענער דערצו נענוי צופּאַסען. דאָס טראָגען אַ ווייכען קאָלנער איז זעהר נישט פּאַסיג. דאָס זעלבע קען זיין פערקעהרט, ווען עס וועט זיין מאָדיש צו טראָגען ווייכע קעל-נער, וועט זיין העכסט נישט פּאַסיג צו טראָגען אַ שטייפען ווייסען קאָלנער. נור פערפאַלען, די קליינע מאָדע-קאַפּריזען מוזען אפילו די מענער נאָכגעבען! אין יאָהר 1930 איז מאָדיש צו טראָגען אויבערהעמדער פון איין קאָליר, איז דעריבער זעהר נישט שעהן צו טראָגען אויבערהעמדער מיט קאָלירטע פּאַסיקלעך, וועלכע מען פלעגט טראָגען מיט צוויי יאָהר צוריק, בפרט איז זעהר נישט שעהן צו טראָגען די ווייסע קעלנער מיט די קאָלירטע פּאַסיקלעך, וועלכע מען האָט געטראָגען פריהער, ווייל דאָס רייצט שוין צופיעל, אין דער צייט, ווען מען דאַרף טראָגען ווייסע, געפּרעסטע קעלנער.

זומער איז עלעגאַנט צו טראָגגען אַ העלען אַנצוג, יעדענפאַלס איז נישט פּאַסיג צו טראָגען אין הייסע טעג אַ שוואַרצען אַנצוג אָדער אפילו אַ טונקעלען גראַנאַט אָדער ברוין. אין גאָר הייסע טעג קען מען טראָגען אַ טונקעלע מאַרינאַרקע, מיט גוט-העלע הויזען, ווי ווייסע, קרעם אָדער העל-שאַרע.

אין הייסע טעג קען מען טראָגען דעם גאַרניטור אָהן וועסטעל, נור מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק. עס איז אָבער זעהר נישט שעהן דעמאָלט צו טראָגען שעלקעס אָהן אַ פּאַסיק. ווען מען טראָגט נישט דאָס וועסטעל, איז שעהן און עלעגאַנט צו טראָגען אַ לאַנגען קראַוואַט, וואָס זאָל מיט'ן עק צוגעהן, אַזש ביז'ן פּאַסיק פון די הויזען. זעהר נישט שעהן איז דעמאָלט צו טראָגען אַ קורצען קראַוואַט.

זומער איז עלעגאַנט צוטראָגען ברוינע פּאַנטאָפּעל, בפרט צו אַ העלען אַנצוג איז דאָס נויטיג.

זומער דאַרף מען טראָגען קאָלירטע שקאַרפּעטען, מען דאַרף אָבער דורכאויס זיך בעמיהען, אַז די שקאַרפּעטען זאָלען מיט דער הויפּט-קאָליר זיין פּאַסיג און עהנליך צו דער קאָליר פון די הויזען. בשום אופן איז נישט עלעגאַנט צו טראָגען אַ פּאָר שקאַרעפּטען, וואָס האָבען קיין שום פאַרבען-עהנליכקייט צום גאַרניטור. עס איז, למשל, זעהר נישט שעהן צו טראָגען שוואַרצע שקאַרפּעטען צו אַ זומערדיגען אַנצוג פון העל-גרוי, אָדער בכלל צו אַ העלען אַנצוג (נישט ווייס), אָדער עס איז אויך נישט שעהן צו טראָגען געלע אָדער בוראַטש-קאָווע שקאַרפּעטען צו אַ אַנצוג, וואָס האָט גאָר נישט די דאָזיגע קאָלירען.

מען מוז האָבען פאַר אַ פּרינציפּ, אַז דער קראַוואַט און די שקאַרפּעטען דאַרפען דעקאָרירען דעם אַנצוג און זיין צוגעפּאַסט צו זיך מיט די קאָלירען און טאָן.

דאָס בענוצען שקאַרפּעטען און קראַוואַטען פון צופיעל-שריי-ענדיגע קאָלירען איז געשמאַקלאָז.

פאַרהאַן מענער, וואָס טראָגען פאַר-העמדלעך אַרויפגעלעגט אויף די העמדער, ווי אויך פערטיג-אויסגעבונדענע שלייפלעך אַלס קראַוואַטען. דאָס איז זעהר אַלטמאָדיש און נישט פּאַסיג צו בענוצען.

אין דער בוטאָניערקע-קעשענע דאַרף מען נישט אַריינלעגען קיין טיכעלע מיט קאָראַנקעס אָדער שפּיצען, דאָס געהערט צו דאַמען. מענער קענען בענוצען נאָר זיידענע אָדער וועבענע טיכעלעך. דאָס דאָזיגע טיכעלע דאַרף קיינמאָל נישט בענוצט ווערען צו דער נאָז, אָבער מען מעג דאָס בענוצען אויף לייכט אָבצווישען דאָס מויל, אָדער דאָס געזוכט, ווען עס דאַכט זיך אויס, אַז עפּיס רייצט אויפ'ן געזיכט. מען דאַרף דאָס דאָזיגע טיכעל אויך נישט בענוצען אָבצו-ווישען דעם שווייס פון געזיכט. דערויף דאַרף מען האָבען אַ בעזונ-דער טוכעל.

מענער דאַרפען זיך בעמיהען צוצופּאַסען דעם קאַפּעלוש צו דער קאָליר פון מאַנטעל אָדער גאַרניטור, יעדענפאַלס איז עס עלע-גאַנט זומער צו טראָגען אַ העלערן קאַפּעלוש. דאָס טראָגען שטרויענע קאַפּעלושען איז שוין לאַנג נישט מאָדיש, יעדענפאַלס קען מען דאָס טראָגען נאָר אין זעהר הייסע טעג.

לעצטענס איז געוואָרען אַ מאָדע אין די הייסע טעג צו געהען אין בלויזען קאָפּ, אָהן קאַפּעליוש. מען דאַרף אָבער גוט-אַכטונג געבען, אַז די האָר אויפ'ן קאָפּ זאָלען זיין גוט פערקעמט, און נישט פערשטויבט. אין אַ טאָג, ווען דאָס וועטער איז נישט זיכער, מיט ווינטען, איז דורכאויס נויטיג מיטצונעמען מיט זיך דעם קאַפּעלוש, און איהם האַלטען אין האַנד.

מענער דאַרפען אין ווינטער האָבען הענדשקעס, מען קען זיי נישט טראָגען, נאָר מען דאַרף זיי האָבען כאָטש אין קעשענע.

דאָס טראָגען שפּאַציר-שטעקענס דורך מענער, איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. עס זענען אָבער נאָך פאַרהאַן פיעל מענער, וואָס האָבען ליעב צו טראָגען אַ שטעקען, כדי עפּיס צו האַלטען אי'ן האַנד. מען דאַרף אָבער זיך היטען מיט'ן וואַרפען דעם שטעקען און דרעהען מיט איהם אין דער לופט, אָדער צו טראָגען איהם פערנאַכ-לעסיגט, אַז ער זאָל פערטשעפּען די פוס פון די שפּאַצירענדע. דאָס מאַכען משונה'דיגע בעוועגונגען מיט'ן שטעקען דערמאָהנט אַ צוטראָגענעם לאַנד-שדכן, אַ מנחם-מענדיל, דאָס איז אָבער לעכערלי'ך פאַר יעדען מענשען.

אַ אמת'ער דזשענטעלמען מיידט-אויס צו טראָגען ציערונג

מיט בריליאנטען. דאָס טראָגען בריליאַנטענע רינגען, אָדער מיט קאָלירטע שטיינער, צי אַ שפּילקע מיט אַ קאָלירטען שטיין אין קראַוואַט, איז זעהר נישט שעהן. עס איז שוין לאַנג אַרוים פון דער מאָדע דאָס טראָגען אַ קייטעל צום זייגער, דאָס איז איצט לעכערליך, דאָרפיש; אין בעסטען פאַל קען מען טראָגען ביים חתונה-רייפעל איין בריליאַנטען-פינגערל. אויב מען וויל דורכאויס טראָגען אַ שפּילקע אין קראַוואַט זאָל זי זיין פערשטעקט צווישען די פאַלדען און זאָל ענטהאַלטען אַ קליינע בעשיידענע פּערל, אָדער אַ בריליאַנט. דער זייגער איז שענער, אַז ער זאָל ליגען אין קעשענע אָהן אַ דיוויזקע (קייטעל).

ווער עס טראָגט ברילען, איז אַמשענסטען צו טראָגען בלויז גלעזער, אָהן רעמליך, מיט אַ בעגילדעט-אַפּאַראַטעל. דאָס טראָגען די אַמעריקאַנער ביינערנע ברילען וואָרפען אַ טונקעלן-שיין אויפ'ן פּנים און זענען בכלל נישט צוגעפּאַסט צום אייראָפּעאישען געשמאַק.

## בעוועגונג און זשעסטען

אַ מענש פון גוטע ערציהונג און מאַניערען, איז שטענדיג זיכער אין זיך, אַז ער וועט אין אַלע געלעגענהייטען פון לעבען וויסען ווי אַזוי זיך צו האַלטען. ער איז קיינמאָל נישט פערזאָרגט און צומישט, ווען ער קומט אין אַ געזעלשאַפט.

דער ערשטער כלל איז צו זיין דרייסט.

דער צווייטער כלל איז דער ש ט ע ל פון מענשען.

ווי אָפט קומט אונז אויס צו בעטייליגען זיך אין אַ פּליאָטקע, אַז דער האַלט זיך ווי לעמערשקע, שעמט זיך ווי אַ דאָרפישער חתן-בחור, און ווערט רויט ווי אַ בוראַק. ביי יעדען וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס. אָדער יענער דאַרט שטעהט ווי אַ צובראָכענער קרעדענס, שאָקעלט זיך ווי אַ קאַטשקע, שטעלט צושפּרייטע פוס, און האַלט דעם קאָפּ צווישען די פּלייצעס, ווי אַ קעמעל דעם הויקער. לאָמיר-זשע זיך בעמיהען, אַז מען זאָל פון אונז נישט האָבען צו לאַכען.

מען מוז זיין דרייסט אַזוי אין אַ געזעלשאַפט פון מעהרערע מענשען, אַזוי אויך ווען מען האָט צו טהון מיט אַ קליינע גרופּע

אָדער מיט איין פּערזאָן. מען דאַרף האָבען אַ פריייען בּליק און נישט ווערען פערזאָרגט פון יעדער אונערוואַרטעט-געשאַפענער סיטואַציע. מען דאַרף נישט האַלטען זיך אין אַ פערנאַכלעסיגטער פּאָזיציע, נאָר שטעהען אָדער געהען גלייך, נישט איינגעבּויגען, נישט איינגעקור-טשעט, נאָר מיט אַ גלייכען בּליק, געווענדעט צו די מענשען, וועלכע קומען אַנטקעגען אין דעם אָרט, וואו מען געפינט זיך. אָבער מען דאַרף נישט האַלטען זיך שטייף, אז מען זאָל קענען זאָגען, דאָס מען האָט אַ שטעקען איינגעשלונגען.

ספּעציעל דאַרפען פרויען זיין פאָרזיכטיג מיט זייערע בּע-וועגונגען און זשעסטען, ווייל בּיי זיי בּעמערקט מען דאָס אַממיינס-טען, איינפאַך דערפאַר, ווייל זיי ווערען ספּעציעל אָבּסערווירט.

פרויען דאַרפען אויסמיידען שנעלע בּעוועגונגען פון איינצעל-נע טיילען קערפּער. מען דאַרף נישט געהענדיג אָדער שטענדיג מאַ-כען בּוינזאַמע בּעוועגונגען מיט'ן קערפּער, דאָס קען טהון בּיים טאַנ-צען, מען דאַרף זיך טאַקי האַלטען עלאַסטיש, בּויגזאַם, אָבער אָפּטע בּעוועגען מיט'ן קערפּער אין דער געגענד פון דער טאַליע, איז נישט גראַציעז. מען דאַרף אַמבּעסטען האָבּען נאַטוראַלע בּעוועגונגען און האַלטונגען אין דער פּאָזיציע פון קערפּער. דאָס איז דער וויכטיגער געבּאָט פון עלעגאַנטע מאַניערען.

מען דאַרף זיין הויפּטזעכליך אויפמערקזאַם אויף דעם אויס-דרוק פון געזיכט. דאָס געזיכט איז, ווי בּעוואוסט, דער שפּיגעל פון דער נשמה און הארץ. דאָס געזיכט פון אַ עלעגאַנטען פּערזאָן דאַרף זיין שטענדיג גוטמוטיג מיט אַ אָבּשיין פון אַ שמייכעל. דאָס איז זעהר וויכטיג, מעג מען אינערליך ליידען פון אַ שווערע איבּערלע-בּעניש, דאַרף מען פונדעסטוועגען דאָס נישט אָנזעהען אויפ'ן פּנים. צו וואָס זאָלען פרעמדע אַראָבּלייענען פון פּנים, וואָס מען לעבּט איבּער? מען מיידט-אויס דערמיט איראָניע אָדער, וואָס עס איז נאָך ערגער, מיטלייד פון זייטיגע, פרעמדע פּערזאָנען. דער פרייער, גוט-מוטיגער אויסדרוק אויפ'ן פּנים מאַכט דעם מענשען ליעבּליך און אַנגענעם.

אַ עלעגאַנטע פּערזאָן וועט קיינמאָל נישט מאַכען מיט'ן פּנים קיין „מינעס", וועט נישט קרומען דאָס פּנים, גלייך ווי מען וואָלט

געזעסען אויף געגליהטע נאָדלען, אָדער ווי מען וואָלט געטראכט פון געפונענע מיליאָנען...

אחוץ דעם, וואָס דאָס איז לעבערליך, איז דאָס שעדליך פאַר'ן געזיכט. נאָך אַ לענגערע צייט, ווערט דאָס געזיכט בעדעקט מיט אַ נעץ פון קנייטשען, וואָס מאכען העסליך אפילו יונגע פרויען.

מען דאַרף זיך אויך היטען פון קנייטשען מיט'ן שטערן, מען מוז דורכאויס אויסמיידען צו פערמרוזשען די אויגען, אויב דאָס איז נישט נאַטירליך, נאָר מען מאכט דאָס, איז עס גאָר נישט שעהן און דער עיקר, דערפון שאַפען זיך פיעל קנייטשען ארום די אויגען, פון וואָס מען ווערט פריהצייטיג פערעלטערט. דאָס זעלבע בעקומט מען מעננעם קנייטשען ארום מויל פון קינסטליך פערציהען דאָס מוילכעל, וואָס איז זעהר לעבערליך.

דאָס מויל זאָל מען דורכאויס האַלטען פריי, נישט צו דריקען די ליפען, נישט פערציהען זיי, און נישט האַלטען אָפען, צושפּרייט ווי אַ טויער. די ליפען דאַרפען נישט אראָבהענגען. מען דאַרף נישט זיך פערגעסען און האַלטען די ליפען צושטאַרק נאַס.

די אויגען דאַרפען דעסגלייכען קוקען פריי, נישט צווינגען זיי צו גרימאַסען, מען דאַרף נישט דרעהען מיט די אויגען אָדער מאכען שיקעלדיגע אויגען. דאָס געהערט צום שלעכטען טאָן. דער בליק דאַרף זיין געווענדעט גלייך צו די געזיכטער פון די אנטקעגען-שטעהענדע פערזאָנען.

פערזאָנען, וואָס האָבען שלעכטע געוואוינהייטען צו מאכען גרימאַסען מיט'ן געזיכט, מוזען זיך דערפון אָבגעוואוינען, מען דאַרף זיצען ביים שפּיגעל און יערען טאָג אַ שטיקעל צייט איינאיבען זיך אָבצוגעוויינען זיך פון זיי.

דעם קאָפּ דאַרף מען האַלטען פריי, נישט שטייף אויפ'ן האַלז, און נישט אָבגעלאָזען, אז ער זאָל ליגען צווישען די אקסלען, אז עס זאָל אויסזעהען ווי איינגעהויקערט.

אויך דער גאַנצער קערפּער דאַרף ווערען געהאַלטען פריי, די פּלייצעס זאָל מען האַלטען עטוואָס אַרינטערגעבויגען אויף הינטען, די ברוסט אויסגעגלייכט, אָבער מען זאָל זיך היטען צו זיין זעלנעריש-שטייף, ווי אויך נישט צו זיין איינגעהויקערט.

א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט דארף מען לעגען אויף דער האַלטונג פון די אַקסלען און הענד. די פּערזאָנען, וואָס ווייסען נישט וואָס מיט זיי צו מאַכען, ווייזען דערמיט ארוים, אַז זיי געפינען זיך ווענינ אין געזעלשאַפט. אין די בעוועגונג פון אָרעמס, אַקסלען און הענד ליגט אַפּט פיעל רייץ און סימפּאַטיע, און ווירקט אָפּט שענער פון א שעהן געזיכט. ביים געהען דאַרף מען לאַנגזאַם בעוועגען מיט די הענד, אין טאַקט צו די טריט. דאָס וואַרפען מיט די הענד שנעל און פעסט, ווי מיט דרענגער, אָדער דאָס האַלטען זיי שטייף אָהן בעוועגונג, גלייך, ווי זיי וואָלטען געווען צוגעקלעפּט צו די אָרעמס, איז זעהר נישט אַנשטענדיג.

ווען מען רעדט דאַרף מען נישט שאָקלען און זשעסטיקולירען מיט די הענד. נאָר אין זעלטענע פאַלען, ווען מען וויל אילוסטרירען דעם פאַקט, וואָס מען דערצעהלט, קען מען זיך דאָס ערלויבען מיט א האַנד-בעוועגונג.

עס איז זעהר נישט עסטעטיש צו פערלעגען די הענד אויף דער ברוסט. אויב מען וויל בעשעפטיגען די הענד, קען מען די רעכטע האַנד פערשפּיעלען מיט עפּיס א קליינינקייט פון דער טאָאַלעט, ווי האַלטען די קרעלען, אַ ברעלאָק, אַ קייטעלע, וואָס מען טראָגט.

ביים זיצען קען מען אַמבעסטען האַלטען די הענד אויף די קניה.

זיצענדיג דאַרף מען נישט פערוואַרפען דעם קאָפּ ארונטער, מען דאַרף נישט זיצען אָנגעשפּאַרט מיט די הענד און קערפּער צום טיש, מען דאַרף זיצען לויז ביים טיש.

מען דאַרף נישט קלאַפּען מיט די פינגער אויפ'ן טיש, אָדער פּאַטשען מיט די הענד אין דער קניה, דאָס איז אַבסאָלוט נישט ערצויגען.

נישט ווייניגער וויכטיג איז דאָס האַלטען גוט די פּאָזיציע פון די פוס. אויך דאָ דאַרף מען אָנווענדען די הויפּט-פּרינציפּען — איינפאַך און נאַטוראַל. שטענדיג דאַרף מען נישט איינבייגען די קניה, דאָס איז זעהר נישט שעהן, מען דאַרף אויך נישט צושפּרייטען די פוס, ווייל דאָס איז נישט אַנשטענדיג; ווען מען זיצט, דאַרף מען נישט אויסציהען די פוס אין מיטען צימער אריין. אָבער דאָס ערגסטע

און מיאוסטע איז צו פערדרעהען דעם פוס אָן א פוס פון דער שטיהל. מען דארף נישט האלטען די פוס גלייך אראָבגעהאָנגען צו דער פאָדלאָגע, אמשענסטען איז צו קרייצען די פוס קרום ווי א איקס, די שיך דארפען זיין נעהנטער צו זיך.

איצט איז אָנגענומען, אז פרויען מעגען האלטען פערלעגט א פוס אויף א פוס. אָבער דערביי מוז מען זיך געדענקען. קודם-כל מוז מען אכטונג געבען, אז מען זאָל נישט ארויסזעהען די קניה, דאָס איז ארויסרופעריש, מען דארף דאָס קלייד אזוי אראָבציהען, אז עס זאָס פערדעקען די קניה.

אויך מענער דארפען זיין אויפמערקזאם, ווען זיי פערלעגען א פוס אויף א פוס. די הויזען מוז מען עטוואָס ארויפציהען, אָבער מען דארף דאָס טהון אין א מאָס, מען זאָל נישט ארויסזעהען מעהר ווי די שקארפעטען. אין קיין פאל איז עס נישט עסטעטיש, דאָס מען זאָל ארויסזעהען די קאלעסאָנעס, אָדער די זאָקען-בענדליך.

מענער מוזען געדענקען, אז אריינגעהענדיג אין א זאל, וואו עס געפינט זיך א געזעלשאפט, אָדער ווען ער רעדט מיט בעקאנטע און פריינד, טאָר מען נישט האלטען די הענד אין קעשענע, נאָך מעהר איז דאָס נישט ערלויבט ווען מען רעדט מיט א פרוי.

## וואָס איז נישט עסטעטיש.

פאראן פיעל טהאטען און בעוועגונגען, פון וועלכע יעדער מענש מוז זיך שטארק היטען נישט צו טהון זיי אין נעגענווארט פון זייטיגע פערזאָנען, טייל זאכען ווייל זיי זענען נישט עסטעטיש, אנדערע ווייל זיי זענען נישט מאָראליש.

פאראן אזעלכע בעוועגונגען און טהאטען, וואָס רופען ארויס ביי מענשען עקעל אָדער א ביינעשמאק. עס איז נישט מעגליך דאָ אלע אויסצורעכענען. די, וואָס וועלען זיך איינאיבען מיט אונזערע אָנווייזונגען פון גוטע זיטען און מאניערען, וועלען ביסליכווייז אליין צוגוואוינען זיך אָבצוהיטען פון אזעלכע געשמאקלאָזע בעוועגונגען. מיר וועלען אָבער דאָ אָנווייזען אויף די וויכטיגסטע געשמאקלאָזע מעשים, פון וועלכע מען מוז אונבעדינגט זיך אויסהיטען.

גנעציצען אין א געזעלשאפט פון מענשען, איז זעהר נישט אנ־שטענדיג, פאַרהאַן נאָך אזעלכע מענשען, וואָס גנעציצען הויך מיט אַ לאַנגען אויסגעצויגענעם אַ—אַ—אַ— דאָס איז זעהר גראָב און פראָסט. דאָס גנעציצען בעווייזט, אַז מען לאַנגווייליגט זיך אין דער געזעלשאַפט פון די אַנוועזענדע, אָדער מען בעציהט זיך מיט גרינג־שעצונג. אויב מען קען זיך נישט בעהערשען פון גנעציצען, דאַרף מען דאָס טהון שטיל און דאָס מויל פערשטעלען מיט אַ ריין טיכעלע אָדער מיט דער האַנד. בעסער איז, אַז מען טהוט דאָס אונבעמערקט.

צו שפייען אויף דער פּאָדלאָגע אָדער אפילו אויף דער ערד, ווען מען שפּאַצירט מיט עמיצען, איז זעהר העסליך; אויב מען איז אין אַ געזעלשאַפט אין אַ זאַל, זאָל מען אריינשפּייען אין אַ זייט אין אַ שפּיי־קעסטעלע. כראַקען איז בכלל זעהר עקעלהאַפט אין אַנ־וועזענהייט פון זייטיגע פּערזאָנען.

דאָס אויסשנייצען די נאָז מיט אַ געפּילדער, געהערט נאָר צו די עקעלהאַפטע געוואָהנהייטען. די אַרבייט דאַרף מען ערלעדיגען ווי מעגליך שטילער און דיסקרעט, קיינמאָל דאַרף מען נישט אויס־שנייצען די נאָז ווען מען שטעהט און מען שמועסט מיט אַ פּערזאָן בפרט איז דאָס נישט שעהן אין דער געזעלשאַפט פון אַ פרוי. מען דאַרף בעסער אויף אַ פּאַסיגען אופן זיך דערווייטערן אויף אַ ווייַלע.

מיר גלויבען, אַז עס איז איבעריג צוצוגעבען, אַז עס איז העכסט געשמאַקלאָז צו בענוצען די פינגער צום רייניגען זיך די נאָז, עס זענען פאַרהאַן דערויף נאָז־טיכלעך און מען דאַרף זיי בענוצען אָפּט און ריינערהייט.

דאָס דרעהען מיט די פינגער אין די אויערען, נאָז, אָדער דאָס קראַצען זיך צווישען די האָר אין קאָפּ, געהערט צו די שמוציגסטע מאַניערען, און עס איז גאָרנישט שעהן, ווען אַ פּערזאָן, וואָס וויל אָנגעהען אַלס גוט־ערצויגענער זאָל עטוואָס־אַזעלכעס טהון.

עס איז אויך נישט שעהן עפענטליך צו רייניגען זיך די נע־געל, צו בייסען די נעגעל, צו אויסקנאַקען זיך די פינגער, ווען מען איז אַ געזעלשאַפט, אויסצורייסען זיך האָר פון דער האַנד, געזיכט.

עס איז נישט דערלאָזבאַר צו קאָנטראָלירען זיך צו די קנעפּ־

ליך פון וועסט און הויזען זענען פערקנעפעלט, בעת מען שטעהט אין א געזעלשאפט פון פערזאנען. דאס דארף מען טהון אונבעמערק־טערהייט, און א זייט פון מענשען.

## דאס בעגריסען זיך.

דאס בעגריסען זיך מיט מענשען און דאס גריסען זיך, איז א אקט פון אנערקענונג, פריינדשאפט אדער העפליכקייט. מען מוז אבער זאגען, אז ביי דעם העפליכקייטס־אקט זינדיגען פיעל פון אונז מיט גראבקייט, געשמאקלאזיגקייט און פראטטקייט.

פארהאן מענער און פרויען, וועלכע גריסען זיך זעהר מיאוס, מען דארף זיך דערפון אבגעוואוינען.

דער וויכטיגסטער פרינציפ פאר אלע איז, אז דאס גריסען זיך דארף זיין העפליך, אין א אויפגעלעגטען טאן, מען דארף דער־ביי נישט זיין אנגעבלאזען, אנגעצויגען, ביים גריסען זיך דארף מען האבען א שמייכעל אויפ׳ן פנים. מיר רעקאמענדירען הייס אנצו־נעמען ביים גריסען און בעגריסען זיך, דעם אמעריקאנער פרינציפ פון „קיפ־סמיילינג״, דאס הייסט האלט שטענדיג א שמייכעל אויפ׳ן געזיכט. כמעט אין אלע אמעריקאנער עפענטליכע ערטער, אין די טראמווייען, באהנען,ווארטע־זאלען, זענען אויפגעקלעפט שילדליך מיט אויפשריפטען „קיפ־סמיילינג״. דער מענש דארף זיין שטענדיג אין א גוטע, שמייכעלדיגע שטימונג.

דער שמייכעל ביים בעגריסען און גריסען זיך שפיעלט א קא־לאסאלע ראל. דאס ווירקט אויף דער בעציהונג פון דער פערזאן, צו וועלכע מען האט זיך געגריסט, דאס בעווייזט אויך, אז דער, וואס גריסט איז אויסערסט העפליך.

פארהאן זעהר פיעל פערזאנען, וועלכע מיינען, אז זיי טהון א טובה, ווען זיי גריסען זיך צו עמיצען, זיי טהון דאס ווי א אב־טומעניש, טריקען, שטייף. עס איז שוין פיעל גלייכער, ווען אזעלכע זאלען זיך בעסער גארנישט גריסען. אפט טהוט מען דאס נישט ספּע־ציעל, נאר ווייל מען איז פערנאכלעסיגט, מען מיינט, אז עס איז גענוג, ווען מען ציהט דעם הוט, אדער מען גיעט א שאקעל מיט׳ן

קאָפּ. ניין! דאָס איז נישט ריכטיג. מען דאַרף אויך גריסען מיט'ן אויסדרוק פון גאַנצען געזיכט.

אַ פרוי גריסט זיך, ווי בעוואוסט, דורך אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ. דאָס דאַרף נישט זיין אַ שטייפער שאָקעל מיט'ן קאָפּ, אָהן רייץ און העפליכקייט. מען דאַרף איינבייגען דעם קאָפּ און לייכט-לאַנגזאַם איהם צוריק אויפהויבען. דערביי דאַרף די פרוי נישט בייגען זיך מיט די אָרעמס און נישט איינבייגען די פּלייצעס.

אויב אַ דאַמע וויל בעגריסען אַ פרוי„ וועלכע זי קען ווייניג, דאַרף זי נאָר בעגריסען מיט'ן קאָפּ און האָבען אַ גוטמוטיגען אויס-דרוק אויפ'ן געזיכט. ווען מען קען זיך נעהנטער דאַרף אויפ'ן געזיכט זיין אויסגעדריקט אַ לייכטער שמייכעל.

עס איז נישט שעהן פאַר פרויען ביים גריסען זיך, עטליכע מאָל צו שאָקלען מיט'ן קאָפּ, צו גלאָצען מיט אויגען, אָדער צו מאַכען מינעס, דאָס בעווייזט נאָר, אַז מען האָט נישט קיין גוטע מאַניערען.

אַ מאַספּערזאָן, ווען ער גריסט זיך צו אַ ווענוג-בעקאַנטען מאַן, איז גענוג אַראָפּצונעמען דעם קאַפּעליוש; פאַר נאָהנטע בע-קאַנטע נעמט מען אַראָב דעם קאַפּעליוש און מען גיעט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, אויף דעם זעלבען אופן בעגריסט מען אַ פרוי. וואָס ני-דעריגער מען ציהט דעם קאַפּעליוש, אַלץ העפליכער איז די בע-גריסונג.

מען דאַרף אָבער קיינמאָל נישט אויסציהען די גאַנצע האַנד שטייף ביז אַרויף, און נישט ביז אַראָב נידעריג: מען קען די האַנד מיט'ן קאַפּעליוש ציהען אַרויף הויך, אָדער אַראָב נידעריג, און די האַנד זאָל אַלץ נישט זיין פולשטענדיג אויסגעצויגען.

זומער, ווען פיעל מענער טראָגען נישט קיין קאַפּעליוש, דאַרף מען זיך גריסען מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און איינבייגען עטוואָס די אויבערשטע טייל קערפּער, די פּלייצע-טייל.

דאָס אַראָבציהען דעם קאַפּעליוש דאַרף פּאַרקומען נישט יע-נעם אין געזיכט אַריין, און מען דאַרף אויך מיט'ן קאַפּעליוש נישט פערשטעלען דאָס אייגענע געזיכט. ביים גריסען זיך דאַרף מען זעהען די פּערזאָן, צו וועלכער מען גריסט זיך און דער דאַרף קענען זעהען דעם בעגריסער.

א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט דאַרף מען לעגען ביים גריסען זיך אין אַ זאַל, אָדער בכלל ווען מען געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט.

מענער דאַרפען, ביים בעגריסען זיך, אויפשטעלען זיך פון דער שטיהל איינגאַנצען און פערנייגען זיך, צו עלטערע העררן, אָדער דאַמען דאַרף מען זיך פערנייגען טיעפער; צו יונגע מענער איז גענוג זיך עטוואָס אויפצוהויבען פון דער שטיהל און זיך צו פערנייגען.

נישט איינמאָל בלייבט מען אין אַ פערלעגענהייט, ווען מען טרעפט אין אַ געזעלשאַפט, ביי אַ אויפנאַהמע, אַ פערזאָן, מיט וועלכע מען איז נישט אין גוטע בעציהונגען. וואָס טהוט מען? מען דאַרף זיך צו איהם לייבט גריסען. נו, פערשטעהט זיך אין אַזאַ פאַל קען דאָס פאַרקומען קאַלט, אָפיציעל. אויב מען קומט צו צו אַ גרופּע, וועלכע מען גיעט אַלעמען די האַנד, און צווישען דער גרופּע געפינט זיך אַ פערזאָן, מיט וועלכע מען לעבט נישט בשלום, מוז מען אונבעדינגט אויך דער פערזאָן געבען די האַנד. אַזוי פאָדערען די גוטע זיטען. אין אַזאַ פאַל קען מען אויך טהון אַנדערש, מען בעגריסט זיך מיט דער גאַנצער גרופּע מיט אַ „גוט-אָוונד”, מיט עפּעס אַ פרעהליך וואָרט, נישט געבענדיג קיינעם די האַנד. ווען מען שטעהט מיט אַ גרופּע פערזאָנען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך אַ פערזאָן מיט וועלכע מען האָט שלעכטע בעציהונגען, דאַרף מען דאָס נישט ארויסווייזען.

אויב עטליכע מענער געהען צוזאַמען און איינער פון זיי גריסט צו אַ הערר אָדער פרוי, דאַרפען אַלע איבעריגע אויך זיך בעגריסען. און פערקעהרט, ווען מען גריסט זיך צו איינעם פון דער גרופּע, דאַרפען אַלע צוריקגריסען. ווען אַ מאַנספערזאָן געהט מיט אַ פרוי און מען גריסט זיך צו איהר, דאַרף איהר בעגלייטער אויך צוריקגריסען.

אַ מאַנספערזאָן בעגריסט שטענדיג פריהער דער פרוי. און ווען אַ מאַנספערזאָן געהט אין בעגלייטונג פון אַ פרוי געניסט דער דאָזיגער מאַן פון די זעלבע פריווילעגיעס, וואָס מען ערטיילט דער פרוי, דאָס הייסט, אויב צוויי בעקאַנטע טרעפען זיך און איינער פון זיי געהט מיט אַ פרוי — דאַרף דער אַליינגעהענדער פריהער גריסען.

דער אָנגענומענער פּרינציפּ איז, אַז יונגערע גריסען זיך צו עלטערע, אָבער אַ אמתיער דזשענטעלמען לעגט דערויף נישט קיין אַכט; ווען צוויי גוט-ערצויגענע מענער טרעפען זיך גריסען זיי זיך גלייכצייטיג, נישט וואַרטענדיג, אויף אַ לעכערליכען אופן, ווער עס זאָל זיין דער ערשטער.

אויב מען געהט אין גאַס און מען דערזעהט אַ בעקאַנטען, וועלכער קוקט אין אַ אַנדערער ריכטונג, ער בעמערקט נייטט, אָדער מאַכט זיך נישט זעהען, דאַרף מען זיך נישט גריסען. דאָס גאַנצע מין גריסען איז אַ סאָרט העפליכקייטס-אַקט צווישען צוויי בעקאַנטע וועלכע דערזעהען זיך געגענזייטיג.

ווען מען בעמערקט, אַז עמיץ גריסט קאַלט, אַבי אָבצופּטריען, קען מען, ווייטער אריין, אויך קאַלט און גלייכגילטיג זיך בעגריסען.

## די בעציהונג פון מענער צו פרויען.

די בעציהונג פון מאַנספּערזאָן צו פרויען דאַרף זיין אַזעלכע, אַז ער זאָל זיין שטענדיג גרייט צו לייסטען פאַר דער פרוי, וואָס עס איז נאָר נויטיג אין דער גאַנצער צייט, וואָס זי איז אין זיין געזעלשאַפט און מיט אַלעם מעגליכען איהר פערלייכטערען. דער מאַנספּערזאָן דאַרף זיין אַ בעשוצער און אָפּיעקון פון דער פרוי, וועלכע ער בעגלייט.

עס איז, אַלזאָ, נישט דערלאָזבאַר, אַז אַ מאַנספּערזאָן זאָל דערלאָזען דאָס די פרוי, וועלכער ער בעגלייט זאָל טראָגען אַ שווער פּעקעל, ווען זי לאָזט עפּעס אַראָבפאַלען, דאַרפט ער דאָס אויפהויבען און איהר דערלאַנגען. ווען אַ פרוי טהוט-אויס דעם אויבערמאַנטעל. דאַרף דער מאַנספּערזאָן אַרויסנעמען פון איר האַנד דעם מאַנטעל און איהם אויפהענגען, ווען אַ פרוי וויל אָנטהון דעם מאַנטעל, דאַרף מען דאָס דערלאַנגען איהר און העלפען אָנטהון.

ווען מען איז אין אַ אָרט, וואו די דינערשאַפט העלפט אָנטהון דער דאַמע דעם מאַנטעל, דאַרף דער מאַנספּערזאָן, וואָס בע-גלייט איהר, איבערנעהמען די מיסיע פון דער דינערשאַפט, ער דאַרף

איבערנעמען דעם מאַנטעל און אַליין העלפן אָנטהון דער פרוי דעם מאַנטעל.

א וויכטיגער פּרינציפּ איז אויך, נישט אַוועקצוזעצן זיך פריער איידער די פרוי זעצט זיך אַוועק. ערשט ווען די פרוי זיצט, קען דער מאַנספּערזאָן זיך אַוועקזעצן. זעהר נישט פּאַסיג, פּשוט גראָב, איז פאַר אַ מאַנספּערזאָן צו זיצען רעדענדיג צו אַ פרוי, וועלכע שטעהט, אין אַזאַ פאַל מוז ער זיך זאָפאָרט אויפהייבען פון פּלאַץ. אויב די פרוי הויבט זיך אויף פון איהר שטיהל, מוזען די מאַנספּערזאָנען זיך תיכף אויפהייבען פון די ערטער.

ווען מען דאַרף זיך אַוועקזעצן, דאַרף מען פאַר דער פרוי אָבגעבען דעם בעקוועמען פּלאַץ, דעם פאָטעל, קאַנאַפּע אָדער די אויסגעבעטע שטיהל.

אין געגענוואַרט פון אַ פרוי דאַרף מען נישט רויכערען קיין ציגאַרען, אפילו ביים פּעררויכערען אַ פּאַפּיראָס דאַרף מען פרעגען אַ ערלויבניש. אַזוי ווי איצט רויכערן די פרויען אויך, דאַרף מען דערביי איהר פאָרלעגען צו פּעררויכערן אַ פּאַפּיראָס.

עס איז אויף דעם העכסטען אופן אונטאַקטיש און גראָב, צו האַלטען אַ פּאַפּיראָס אין מויל, רעדענדיג צו אַ פרוי.

ווען אַ פרוי רעדט דאַרף מען נישט איבערשלאָגען די רייד, ווען זי בעגעהט אין איהר דערצעהלען אַ פעהלער, אָדער זי גיעט איבער אַ ליטעראַרישען אָדער היסטאָרישען פאַקט נישט גענוי אָדער פאַלש, דאַרף נישט קיין מאַנספּערזאָן אויפווייזען עפענטליך אין דער געזעלשאַפט, אַז זי האָט פאַלש דערצעהלט, ער דאַרף אויפמערקזאַם מאַכען אין איין איידעלען פאָרם, אַז די פרוי זאָל נישט ווערען בעליידיגט, אָדער ער קען זיך בעגנוגענען דערמיט, וואָס ער ווענט איהר אַליין דערויף אויפמערקזאַם מאַכען.

אויב אַ פרוי שלאָגט איבער די רייד אַ מאַנספּערזאָן, איז עס אויך נישט טאַקטיש, פונדעסטוועגען דאַרף דער מאַנספּערזאָן בלייבען שטיל און לאָזען רעדען דער פרוי, וואָס האָט איבערגעשלאָגען די רייד. און נאָכהער דאַרף ער פאָרטזעצען רעדען.

די דאָזיגע פּרינציפּען פון העפליכקייט אין דער בעציהונג צו אַ פרוי, דאַרף מען אָנווענדען אָהן אונטערשייד צו נאָהענטע בעקאַנטע

און ווייטע בעקאנטע, ווי אויך גלאַט צו פרויען, מיט וועלכע מען טרעפט זיך אין איין געזעלשאַפט צווישען מענשען אויף א אָווענד, באַל אָדער פאַמיליען-פערוויילונג.

ווען מען בעמערקט אין גאַס, ווי א פרוי לאָזט אראָב א פּאַקעטיל, דאַרף מען דאָס אויפהויבען און איהר דערלאַנגען, נאכהער קען מען לייכט אראָבנעמען דעם קאַפעליוש אלס ענטפער פאַר'ן דאַנק פון דער דאַמע. אויב א פרוי פרעגט זיך אין גאַס עפּעס א פראַגע, א אדרעס א. ד. גל. דאַרף מען אויך פאַר'ן דאַנק ענטפערען מיט א בעגריסונג מיט'ן קאַפעליוש.

מיר מוזען מאַכען אויפמערקזאַם, אַז לויט די איצטיגע געבאָטען פון גוטע מאַניערען, איז דאָס נישט אָבטרעטען א פלאַץ אין טראַמוויי אָדער וואַגאָן פאַר א יונגע שעהנע פרוי נישט טאַקטלאָז, דאָס האָט מיט גוטע מאַניערען נישט צוטהון. אָבער עס איז שוין יאָ טאַקטלאָז און גראָב, ווען מען פאַהרט א היבשע שטרעקע, לאָמיר זאָגען א האַלבע שעה צייט, און דער מאַנספּערזאָן זיצט כסדר, בעת א פרוי שטעהט גלייכצייטיג דעם גאַנצען וועג. ווען דער מאַנספּערזאָן האָט זיך אָבגערוהט, אויפ'ן פּלאַץ, דאַרף ער זיין פּלאַץ אָבטרעטען פאַר די פערזאָן, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען.

דערפאַר איז שטענדיג נויטיג אָבצוטרעטען דעם פּלאַץ פאַר א פרוי, וואָס איז אין אַנדערע אומשטענדען, אָדער וואָס האָט מיט זיך א קליין קינד אָדער א שווער פּעקעל.

אויב מען בעמערקט אין טראַמוויי אָדער וואַגאָן א בעקאַנטע פרוי, וואָס שטעהט, דאַרף מען איהר אָבטרעטען דעם זיצענדיגען פּלאַץ.

טרעפענדיג אין גאַס א בעקאַנטע פרוי און מען וויל זיך אָבשטעלען צו רעדען מיט איהר, דאַרף מען גוט וויסען צי דאָס איז נישט געגען איהר ווילען, מען דאַרף נעמען אין אכט די מעגליכקייט פון פּליאָטקעס און אינטריגעס. אויב די בעקאַנטע פרוי מאַכט א בעוועגונג, ווי זי וויל זיך אָבשטעלען, דאַן איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז מען דאַרף זיך אָבשטעלען.

א מאַנספּערזאָן דאַרף שטענדיג פערטיידיגען דעם כבוד פון דער פרוי, וואָס געפינט זיך אין זיין געגענוואַרט, ווען עמיץ פון דער

געזעלשאַפט בּעליידיגט זי מיט ווערטער אָדער מיט טאַקטלאָזע בּע־ציהונג, דאַרף דער מאַנספּערזאָן, וואָס פיהלט זיך, אָדער וויל זיך פיהלען נאָהנט צו דער בּעליידיגטער, דאַרף ער אַרויסווייזען, אז ער בּעשיצט די פרוי געגען דעם בּעליידיגער.

# אויף א ראַנדעוואו

אויף אַ ראַנדעוואו מיט אַ פרוי דאַרף מען קומען פריי, אָהן געשעפטליכע פּאַקעטען און אָהן דער געשעפטס-טעקע, מען דאַרף אויך זיין פריי און נישט דאַרפען ערלעדיגען אויפ'ן וועג קיין געשעפטליכע אינטערעסען.

איצט איז שוין נישט אין דער מאָדע צו געהען מיט אַ פרוי געאַרעמט, אָבער ווען דאָס איז נויטיג פאַר דער זיכערהייט פון דער דאַמע, דאַרף מען זי נעמען אונטערן אָרעם, למשל, ווען מען דאַרף אַריבערגעהען איבער דער גאַס, וואו עס הערשט אַ גרויסע בעוועגונג, אָדער ווען עס איז פאַראַן אַ אַנדערע געפאַהר, וועלכע מען דאַרף פערהיטען.

דער מאַנספּערזאָן געהט געוועהנליך בּיי דער לינקער זייט פון דער פרוי. אָבער די פרוי דאַרף קיינמאָל נישט אויסקומען צו געהען ביים סאַמע בּרעג טראָטואַר, וואו עס פאָהרען פערבּיי אויטאָמאָבּילען, דראָשקעס און אָפט קומט-אויס אַראָבּצוגעהן פון טראָטואַר, ווען די ענגשאַפט אויפ'ן גאַס איז גרויס. ווען עס קומט אַזוי אויס דאַרף דער מאַנספּערזאָן אַריבּערגעהען צו דער רעכטער זייט פון דער פרוי און אַליין געהען ביים בּרעג טראָטואַר.

דער מאַנספּערזאָן דאַרף קיינמאָל זיך נישט אָבּשטעלען אין מיטען גאַס צו רעדען מיט אַנטרעפענדע בעקאַנטע פּערזאָנען. ער דאַרף זיך גריסען און געהען ווייטער אין דער בּעגלייטונג פון זיין דאַמע.

ווען מען געהט מיט אַ פרוי אויף דער גאַס, דאַרף מען נישט רויכערן קיין פּאַפּיראָסען.

ביי אַ ראַנדעוואו איז דער מאַנספּערזאָן נישט פערפּליכטעט איינצולאַדען די דאַמע אין אַ קאַפע אָדער צוקערניע, דאָס איז אָבּהענגיג פון דער סיטואַציע, דער מאַנספּערזאָן דאַרף אָבּער זאָרגען, אַז די פרוי זאָל נישט ווערען ערמידעט און נישט ליידען קיין הונ-

גער אויב מען שפאצירט א לענגער צייט. ער דארף ארויסווייזען זיין גרייטקייט אין דעם הינזיכט צו דינען.

אויב דער הערר לאדעט איין די פרוי אין א צוקערניע, כדי זיך אבצורוהען אדער צו שטילען דעם דורשט אדער הונגער, איז נישט שעהן, אז זי זאל זיך דערין ענטזאגען. פארהאן מיידלעך און פרויען, וועלכע מיינען, אז אויפ'ן ערשטען ראנדעוואו דארף מען נישט אריינ־געהען מיט'ן מאנספערזאן אין א צוקערניע, טייל מיינען דערמיט ארויסצווייזען בעשיידענהייט, אנדערע ווידער מיינען, אז עס איז נישט גוט צו פעראורזאכען דעם מאנספערזאן אויסגאבען. די פרוי, וואס האנדעלט אויף אזא אופן, ווייזט נאר דערמיט ארויס אלט־פרענקישע מאניערען, א סארט קליינשטעדטעלדיגקייט.

אמת איז, אז די פרוי דארף נישט ארויסווייזען קיין צו גרויסע פערלאנגען, אז דער מאנספערזאן זאל אויף איהר אויסגעבען צו־פיעל געלד און צו־אפט; אבער זי דארף זיך נישט געגענשטעלען צו ערפיעלען דעם וואונש פון מאנספערזאן, ווען ער בעט דורכאויס אריינצוגעהען, למשל, אין א צוקערניע און ער איז אימשטאנד די אויסגאבע זיך צו ערלויבען.

די פרוי, וואס ענטזאגט כסדר אנצונעהמען די איינלאדונג פון מאנספערזאן אריינצוגעהען מיט איהם אין א צוקערניע, טרייבט־אב פון זיך דעם מאן און זי דערגרייכט מיט דער איבערגעטריבענער בעשיידענהייט א פערקעהרטען רעזולטאט. ווארום דער מאנספערזאן האט אין דער נאטור א אמביציע צו ארויסווייזען זיין גוטע בעצי־הונג, זיין ברייט־הערציגקייט, און ברייטגיביגקייט צו דער פרוי, וועלכע ער אונטערשיידעט פון אנדערע. אויב די פרוי דערלאזט נישט מיט איהר עקשנות ארויסצווייזען זיין דאזיגע אמביציע, ווירקט דאס אויף דעם מאנספערזאן שלעכט.

אויף א „ראנדעוואו" דארף דער מאנספערזאן אנפיהרען מיט'ן געשפרעך. ער דארף זיך בעמיהען, אז די פרוי זאל זיך נישט לאנג־ווייל'ען, ווען מען פערענדיגט דאס געשפרעך אויף איין טעמא, אדער ווען דער מאנספערזאן בעמערקט, אז דאס געשפרעך פעראינטערע־סירט נישט זיין דאמע, דארף ער באלד איבערגעהען אויף א אנדער טעמא. מען דארף נישט צו־לאנג רעדען וועגען איין זאך.

# די מאַניערען ביים עסען

ביים עסען ווייזט דער מענש אַרוים פיעל פון זיינע גוטע. און שלעכטע אייגענשאַפטען. אין צווי פאַלען קען מען דערקענען דעם כאַראַקטער פון מענשען, ביי געלד-זאַכען און ביים עסען. ביי די זאַכען קען דער פּראָסטער מענש נישט בעהאַלטען זיין פּראָסט-קייט, אומגערן קריכט אַרוים די ברוטאַליטעט און טאַקטלאָזיגקייט. פאַרהאַן מענשען, מיט וועלכע עס איז גוט און אַנגענעהם צו פערברענגען און צו שמועסען, קוים אָבער זעצט מען זיך מיט זיי צום טיש צו עסען פערלירט מען דעם חשק צו זיי. עס הייבט זיך דעמאָלט אָן פאַר דעם פיינשמעקער, פאַר'ן גוט-ערצויגענעם מענש אַ אמת'ער פיין, מען האָט נישט וואו די אויגען אַהינצוטהון, וואָרום עס כאַפּט-אָן אַ עקעל און שאַנדע פאַר דער נישט-קולטורעלער און טאַקטלאָזע פערהאַלטונג ביים עסען.

דאָס עסען נישט-עסטעטיש, נישט געשמאַק איז זעהר נישט אַנשטענדיג. אַזאַ מענשען האָט מען נישט ליעב אין דער געזעלשאַפט און ער וועקט אַ עקעל. יעדער מענש דאַרף דאָס זיך נעמען גוט אין זינען אריין און דאַרף זיך שטאַרק קאָנטראָלירען ביים עסען. ער דאַרף געדענקען, אַז אַלע, וואָס זיצען אַרום איהם קוקען אויף איהם; און אויף די מיטעסער ווירקט ער דאָפּעלט עקעלהאַפט, ווען זיי מוזען צוקוקען ווען עמיץ, וואָס זיצט מיט זיי פיהרט זיך אויף מיאוס און טאַקטלאָז.

פאַרהאַן מענשען, וואָס ווייסען אַפילו נישט, אַז זיי עסען מיאוס און נישט אַרטיג. איידער מען געהט אין אַ געזעלשאַפט, אויף אַ באַל, צי פאַמיליען-אָוועגד, דאַרף מען זיך נאָכפרעגען אין דער היים ביי די נאָהנטע, צי מען האָט נישט קיין מיאוסע, אָבשטויסענדע מאַניערען ביים עסען.

עס איז אונבעדינגט נויטיג, אַז יעדער מענש זאָל אין דער היים זיך צוגעוויינען עסען עסטעטיש. אויב מען פערנאַכלעסיגט זיך אין טאָג-טעגליכען לעבען, וועט נישט העלפען, ווען מען וועט

זיך נעמען אין זינען אריין אין דעם אָוונד אופּציפּאַסען בעבע־ביים עסען...

די גוטע מאַניערען דאַרפען זיין די לעבענס-געוואָהנהייט אין דער היים און אויסער דער היים.

אָפט זעהט מען פּערזאָנען, וואָס מאַכען אויבערפלעכליך א גוטען איינדרוק מיט זייערע גוטע מאַניערען, און ביים עסען האָבען זיי א געוואָהנהייט צו זופּען דאָס עסען אויפ׳ן קול מיט א געפּילדער, גלייך ווי מען וואָלט בעדאַרפט די זופּ, אָדער ראָסעל אריינגיסען אין מויל אַריין... דאָס ציהט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אַנדערע ווידער האָבען א טבע איינצושלינגען א האַלבען לעפעל זופּ און די אַנדערע העלפט צוריקגיסען אין טעלער אַריין, פון וועלכען זיי עסען ווייטער. פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס נעמען-אָן א פולען לעפעל, אַז ביים צוטראָגען צום מויל, מוז זיך צוריקגיסען אין טעלער אַריין און ביים עסען פּעגיסט זיך אויך אין טעלער אַריין.

דאָס איז עקעלהאַפט.

מען דאַרף נישט קלויבען און בראַקירען דאָס עסען אין איי־גענעם טעלער.

ביים עסען מיט דער רעכטער האַנד, דאַרף נישט די לינקע האַנד קנעטען קניילעכליך ברויט.

מען דאַרף נישט דערלאָזען, אַז דאָס עסען זאָל פערגיסען די גאָמבע, און בכלל דאַרף די גאָמבע נישט זיין פערנעצט, אָדער פער־פּעצט פון עסען. מען דאַרף האָבען גרייט נעבען זיך א סערוועטיל און יעדע ווייל־ע דאַרף מען אָבווישען די גאָמבע און אויך די ליפּען. מען דאַרף נישט די ליפּען האַלטען אין אזא פעטען צושטאַנד, אַז עס זאָל אַזש אַראָבטריפען. יעדע ווייל־ע דאַרף מען אָבווישען דאָס ווינקעל-מויל, כדי עס זאָל דאָרטען זיך נישט פערהאַלטען קיין שטי־קעל פלייש, געבעקס אָדער עפּעס אַנדערש.

דאָס לייווענטענע סערוועטיל דאַרף מען נישט פערלעגען אונ־טערן האַלז, ווי א פאַרטוך, דאָס קען מען טהון ביים ראַזירען זיך, און דערוואַקסענע מענשען זענען שוין אַרויס פון די קינדער-וויקע־לעך און דאַרפען נישט ביים עסען זיך פערלעגען א „שלינאַק".

דאָס סערוועטיל דאַרף ליגען אויפן טיש, לינקס ביים טעלער, אָדער אין בעסטען פאַל אויף די קניה.

אויב מען האָט נישט קיין לייווענטען סערוועטיל, זאָל מען נישט בענוצען דעם עק פון טישטוך אַלס סערוועט.

צו די מיאוס׳ע געוואָהנהייטען ביים עסען געהערען אויך דאָס זופען, דאָס בעלעקען זיך, דאָס נעמען גרויסע שטיקער אין מויל אַריין און דאָס ברייט עפענען דאָס מויל.

אָבער עקעלהאַפט איז צו העלפען זיך מיט די הענד ביים עסען. פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס רעדען זיך איין, אַז נאָר שעמעוודיגע מענשען קווענקלען זיך און עסען נישט מיט די הענט, פּראַקטיש און קלוג איז צו האַלטען די פאַלקע געגזענס אין די הענד און רייסען פון איהר שטיקער. אַזוי פלעגען טהון די ווילדע מענשען, מיר וואָהנען אין אייראָפּא און מיר ווילען זיין ציוויליזירט, דעריבער מוז מען ביים עסען זיך בענוצען נאָר מיט גאָפּעל און מעסער. מען קען מיט דער הילף פון גאָפּעל-מעסער אַראָבנעמען פון ביין דאָס פלייש ביז צום טרוקענעם ביין. מען דאַרף נאָר האָבען געדולד און זיך צוגע-וואָהנען דערצו.

עס פערשטעהט זיך, אַז אויסנאַגען דעם מאַרך פון די ביינער קען מען נישט מיט דער הילף פון גאָפּעל, אָבער אין אַ געזעלשאַפט, אָדער אין אַ עפענטליך אָרט, איז זעהר נישט שעהן צו נאַגען ביינער און בכלל צו קייען די ביינער. אפילו אין דער היים דאַרף מען דאָס נישט טהון.

מיט די הענד קען מען עסען נאָר טרוקענע פאַוואַרקעס צו זופּ, וואַפלעס און טרוקענע „טשאַסטקעס" צו טהיי אָדער קאַווע.

ביים עסען דאַרף מען דעם גאָפּעל האַלטען אין דער לינקער האַנד און דאָס מעסער אין דער רעכטער האַנד, ווען דאָס מעסער איז נישט נויטיג, קען מען דעם גאָפּעל איבערנעמען אין דער רעכ-טער האַנד. בשום-אופן טאָר מען נישט מיט׳ן מעסער דער-לאַנגען זיך עסען אין מויל אַריין. דערצו קען מען נאָר בענוצען דעם גאָפּעל. דאָס בענוצען דאָס מעסער צום צוטראָגען דאָס עסען צום מויל, איז אויפ׳ן העכסטען אופן נישט קולטורעל, און רופט אַרויס אַ העפטיגען פּראָטעסט ביי יעדען גוט-ערצויגענעם מענשען.

דאָס מעסער דאַרף מען בענוצען נאָר צום שניידען די עסענס. מען דאַרף דאָס נישט בענוצען צו געהאַקטע מאכלים, ווי קאָטלעטען, נישט צו פיש און נישט צו דער געמיזע, וואָס מען בעקומט ציב פלייש. דאָס אַלץ דאַרף מען עסען מיט'ן גאָפּעל.

מען דאַרף נישט צושניידען די גאַנצע פּאָרציע מיט איינ-מאָל און נאכהער עסען כסדר. דאָס איז נישט אָנשטענדיג. מען דאַרף נאָר אָבשניידען אַזאַ שטיקעל, ווי מען דאַרף נעמען אין מויל אַריין, נאכהער ווידער אָבשניידען.

אין בעסערע הייזער, וואו מען איז פּינקטליך מיט די טיש-געזעצען, ווערט צו פיש נעגעבען ספּעציעלע מעסער-גאָפּעל. דאָס מעסער איז טעמפּ און דינט אויף אַרויסצונעמען די ביינדלעך און דער גאָפּעל איז דין און פלאַך, ווי אַ לאָפּאַטקעלע מיט 3 פּלאַטשיגע ציין. אַזאַ מעסער ביים עסען פיש האַלט מען אין דער לינקער האַנד, פערקעהרט ווי ביי פלייש, און דעם גאָפּעל כסדר אין דער-רעכטער האַנד.

די מעסער-גאָפּעל, וואָס מען בענוצט צו פיש, דאַרף מען יעדענפאַלס נישט בענוצען צום פלייש.

דעם מעסער און גאָפּעל דאַרפט מען נישט האַלטען אין דער פויסט מיט פערשלאָסענע פינגער. דעם גאָפּעל און מעסער דאַרף מען האַלטען מיט'ן גראָבען פינגער און דעם דריטען פינגער, און מיט'ן צווייטען פינגער דאַרף מען צודריקען פון אויבען. די שטיהל פון מעסער אָדער גאָפּעל דאַרף אויסקומען אונטער דעם ווייכען דיקען פלייש פון דער האַנד.

אַ לעפעל האַלט מען אָנגעשפּאַרט אויפ'ן דריטען פינגער און דער גראָבער פינגער דאַרף ליגען אויף דער שטיהל פון לעפעל.

אַ לעפעל דאַרף מען האַלטען ביים מיטעלסטען טייל, אָבער נישט ביים סאַמע ברעג פון אויבען.

ברויט זאָל מען נישט נעמען מיט דער האַנד, נאָר מיט אַ גאָפּעל, מען דאַרף געדענקען נישט אָנצובייסען פון ברויט קיין ביסען, נאָר מיט דער האַנד אָבברעכען אַזאַ שטיקעל, וואָס זאָל גע-נוג זיין אויף איין ביסען און דאָס אַריינגעמען אין מויל אַריין. אויב דאָס ברויט איז אָנגעשמירט מיט פּוטער אָדער עפּעס אַנדערש,

דאַרף מען מיט'ן מעסער אָבשניידען צו שטיקלעך און דאָס עסען. ביי אַ מאָהלצייט אָדער מיטאָג זאָל מען נישט עסען קיין ברויט צווישען איין געריכט און צווייטען, נאָר צוזאַמען מיט'ן געריכט, למשל מיט פיש, סאַרדינען, פלייש א. ד. ג.

זעהר נישט עסטעטיש איז אַריינצולעגען אין מויל גרויסע שטיקער. עס איז גענוג, אַז מען זאָל זיך אָבשפיגלען און זעהן, ווי לעכערליך און נישט-עסטעטיש עס זעהט אויס דער מענש, וואָס האָט אַ פול מויל מיט עסען און קייעט אַזוי.

אויב אַ געריכט איז זעהר הייס, זאָל מען נישט בלאָזען און נישט גיסען מיט'ן לעפעל, אַז עס זאָל זיך אַזוי אויסקיהלען. מען דאַרף האָבען געדולד אַ קליינע ווײַלע, אַז עס זאָל זיך אויסקיהלען. ווען מען האָט שוין באַלד נעענדיגט עסען די זופּ, און עס ווערט שווער אָנצונעמען מיט'ן לעפעל, דאַרף מען דעם טעלער אָנבויגען פון זיך צום טיש-צו, און נישט אָנבויגען צו זיך צו.

אויב מען דאַרף אָננעמען פאַר זיך אַ חלק עסען פון אַ אַל־געמיינעם גרויסען טעלער, טאַץ, „פּולמיסקע", זאָל מען נישט זוכען און וואַרפען מיט'ן גאָפּעל, נישט קלויבען אַפילו מיט די אויגען לאַנג. נאָר מען דאַרף דאָס ערלעדיגען שנעל און געשיקט, און דערביי נישט פערגיסען און נישט פערפלעקען דאָס טישטוך. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז ווען מען האָט שוין דאָס עסען ביי זיך אויפ'ן טעלער, דאַרף מען נישט נאָך אַ נייעם ישוב-הדעת, ווען אויסטוישען און דאָס צוריקלעגען אויף דער אַלגעמיינער טאַץ. אין אַ געזעלשאַפט דאַרף מען זיין בעשיידען מיט'ן אַליין אָננעמען פאַר זיך פון דער אַלגעמיינער טאַץ, אַ פולע קופּע עסען, ווי פלייש, פיש איז העכסט נישט עסטעטיש און מאַכט אַ שלעכטען איינדרוק.

זאַלץ אָדער פעפער דאַרף מען נישט אָננעמען מיט אַ מעסער אָדער לעפעל, וואָס מען נוצט צום עסען. דערצו דאַרפען זיין ספּע־ציעלע לעפעלעך, נאָר אויב מען האָט פערגעסען, קען מען אָננעמען מיט'ן שפּיץ פון אַ ריין, טרוקען, נאָך נישט גענוצט מעסער.

ביינדלעך פון פיש, אָבפאַלעכץ און קערלעך פון קאָמפּאָט, וועלכע מען האָט געהאַט אין מויל, שפּייט מען נישט אַרויס אויפ'ן טעלער, מען נעמט זיי נישט אַרויס מיט דער האַנד, נאָר מען לעגט

צו דיסקרעט דעם גאָפּעל אָדער לעפּעל צום מויל און אַזוי אַרום נעמט מען דאָס אַרויס און מען לעגט דאָס אַרויס אויפ׳ן טעלער. אויף גרויסאַרטיגע אויפנאַמעס בעמיהט זיך די ווירטין צו דערלאַנגען פּרוכטען און קאָמפּאָט, וועלכע זאָלען שוין זיין אויסגערייניגט פון די קערעלעך. און בנוגע ביינדלעך פון פיש און פלייש איז בעסער אַכטונג צו געבען זיי באַלד נישט צו נעמען אין מויל אַריין.

ביי אַ אויפנאַהמען אין אַ פּריוואַט הויז, איז זעהר בעליידיגענד, ווען אַ גאַסט ווישט אויס מיט׳ן סערוועטעל דעם טעלער פאַר׳ן נעמען עסען, אָדער ער רייניגט אָב די מעסער, גאָפּעל, לעפּעל פון שטויב א. ד. ג. דאָס קען מען זיך ערלויבען אין אַ שלעכטען רעסטאָראַן, וואו מען האָט נישט קיין צוטרוי צו דער ריינקייט. אפילו אין אַ ערשט-קלאַסיגען רעסטאָראַן דאַרף מען דאָס נישט טהון, אויב מען בעמערקט, אַז אַ טעלער, אָדער דאָס בעשטעק איז נישט זויבער, קען מען דאָס הייסען אויסטוישען.

אויף אַ אויפנאַהמע אין אַ פּריוואַט הויז, דאַרף מען נישט איבערלאָזען קיין עסען אויפ׳ן טעלער, אַפילו ווען מען האָט נישט קיין אַפּעטיט. עס איז שוין גלייכער, אין אַזאַ פאַל, צו נעמען ווייניגער, אָבער אַלעס דאַרף מען אויפעסען, אויב מען וויל נישט פערשאַפען דער הויז-ווירטין קיין פערדרוס.

עס זענען נאָך איצט פאַראַן מענשען, וועלכע האָבען אַ פאַלשען בעגריף, וועגען עסען אין אַ געזעלשאַפט פון פריינד און בעקאַנטע, אָדער ווען מען איז פערבעטען צו-גאַסט. מען מיינט נעמליך, אַז צו עסען מיט אַפּעטיט, איז עפּעס נישט שעהן. אין אַמאָליגע אַלטע צייטען פלעגען טאַקי יונגע מיידלעך זיך שעמען צו עסען, כדי מען זאָל זיי האַלטען פאַר פיינע קינדער, היינט אָבער איז אַ אַנדערע צייט, היינט איז די ווירטין צופרידען, ווען איהרע געסט עסען און זענען צופרידען, און דאָס איבערלאָזען דעם פולען טעלער איז אַ בעליידיגונג. די אַמביציע פון דער ווירטין איז אָנגעריהרט. עס פערשטעהט זיך, אַז מען דאַרף נישט אַרויסווייזען קיין פרעסערישען אַפּעטיט, נאָר עסען מיט אַ נאָרמע.

אַפילו ווען דאָס עסען שמעקט אונז זעהר שטאַרק, דאַרף מען נישט אויסלעקען דעם טעלער, און מען טאָר נישט נעמען אַ שטי-

קעל געבעקס אויף אַ גאָפּעל אָדער אין האַנט און אויסווישן דעם „סאָס״ פונ׳ם טעלער. דאָס געהערט צו די אָרדינערע זיטן, וועלכע מען דאַרף נישט אַרויסווייזן אין קיין קולטורעלע שטוב.

אַז מען ענדיגט עסן, דאַרף מען נישט אָברוקן דעם טע-לער פון זיך, נאָר מען זאָל דעם מעסער און גאָפּעל אַרויפלעגן אויפ׳ן טעלער, צוזאַמענגעלעגט, אַזוי, אַז די שפּיצן פון גאָפּעל דאַרפן זיין אַראָב צום טיש מיט דער שטיהל צו דער לינקער האַנד און די שפּיצן צו דער רעכטער, דאָס איז אַ סימן פאַר די קעלנער אָדער דינערשאַפט, אַז מען האָט שוין געענדיגט עסן. דאַנגען. אַז מען שפּאַרט-אָן דעם מעסער און גאָפּעל אויפ׳ן טעלער, מיט די שפּיצן אַרויף, הייסט עס, אַז מען האַלט נאָך אין מיטען עסן.

אַ מעסער, גאָפּעל, צי לעפעל, וועלכען מען האָט שוין גע-האַלטען אין נוצען, דאַרפט מען נישט בענוצען אויף צו נעמען זיך עפּעס פון אַלגעמיינע טעלערס, אָדער כלים, ווי למשל נאָך סאַלאַטע, כריין, געמיזע א. ד. ג.

דאָס סערוועטעל דאַרף מען בענוצען נאָר צום אָבווישען דאָס מויל אָדער די פינגער. בשום-אופן טאָר מען נישט מיט אַ סערוועטעל זיך אָבווישען דאָס געזיכט. עס איז אויף דער העכסטער שטופע העסליך, ווען מען ווישט זיך דאָס מויל אָדער פינגער מיט אַ בּרעג טישטוך.

עס איז איבעריג צו וואָרענען, אַז מען זאָל נישט אַריינ-שטעקען די פינגער אין מויל אַריין, כדי זיך עפּעס אַרויסצונעמען פון די ציין. דאָס איז נישט-דערלאָזבאַר ביים טיש. אויפ׳ן ערגסטען פאַל, ווען עפּעס דענערווירט אין די ציין, זאָל מען בענוצען אַ ציין-שטעכער, אָבער נישט קיין גאָפּעל אָדער מעסער. דאָס אויסשטעכען די ציין מיט אַ ציין-שטעכער דאַרף מען מאַכען דיסקרעט, אונ-בעמערקט פון די אַרומיגע און שנעל. דערביי דאַרף מען פערשטעלען דאָס מויל מיט דער האַנט, דער אַרומיגער עולם דאַרף זיך נישט צוקוקען צום אָפענעם מויל.

אויב מען וויל טרינקען אין מיטען עסען, זאָל מען פאַר יעדען טרונק זיך אָבווישען דאָס מויל, כדי מען זאָל נישט מיטן

מויל פערפעטסען דאָס גלאָז. דער געטראַנק ווערט דערפון פּער-אומרייניגט.

טרינקענדיג טהיי אָדער קאַווע, זאָל מען דאָס לעפעלע האַלטען אויף דעם טעלערל („פּאָדסטאַווקע") און דאָס בענוצען אין גלאָז נאָר צום מישען דעם צוקער. מען דאַרף נישט טרינקען מיט'ן לעפעלע און נישט אָנגיסען זיך די טהיי אויף דעם טהיי-טעצעלע, און פון דערפון טרינקען.

אויב מען דאַרף עפּעס נעמען פון טיש, וואָס ליגט ווייט, זאָל מען זיך נישט אויפשטעלען און מיט אויסגעצויגענע הענד דאָס נעמען, בעסער איז צו בעטען אַ שכן, וואָס זיצט דערנעבען, אַז ער זאָל דאָס דערלאַנגען אָדער צורוקען נעהנטער.

ביים טיש דאַרף מען זיך בעמיהען צו זיין העפליך צו די אַרומיגע, וואָס זיצען בייב טיש און בעזונדערס דאַרף מען זיין דינסט-גרייט צו די פרויען און זיי בעדינען און פערלייכטערן.

ביים עסען דאַרף מען זיך בעמיהען צו עסען מיט'ן זעלבען טעמפּאָ, וואָס אַלע, וואָס זיצען ביים טיש. נישט צו שנעלער, און נאָך ערגער איז צו-פּאַמעלעך; עס איז זעהר קאָמיש און אונאָנגענעם, ווען מען בלייבט איינער פון די לעצטע ביים עסען און מען האַלט אין מיטען עסען בעת די אַנדערע האָבען שוין געענדיגט.

ביים אָנהויבען עסען דאַרף מען האָבען רעספּעקט פאַר דער ווירטין פון דער שטוב און פאַר די דאַמען, וואָס זיצען דערנעבען. אויב ביים טיש זיצט אַ קליינע געזעלשאַפט, דאַרף מען אָנהויבען עסען ערשט דעמאָלט, ווען די ווירטין פון שטוב און דער ווירט הויבען אָן עסען; די ווירטין פון איהר זייט דאַרף דערמיט נישט אויפהאַלטען די געסט, און דאַרף אַכטונג געבען, אַז קוים זענען אַלע געסט סערווירט געוואָרען, זאָל זי אָנהויבען עסען און דערמיט גע-בען דעם צייכען צום אָנהויבען עסען.

אויב אָבער צום מאָהלצייט איז פאַרהאַן אַ גרעסערע געזעל-שאַפט פון צעהנדליגער מענשען, דאַן דאַרף מען אָנהויבען צו עסען ערשט דעמאָלט, ווען די פרויען, וואָס זיצען גענענאיבער און דער-נעבען הויבען אָן צו עסען. די אויפגאַבע פון דער ווירטין איז, אויב זי זיצט נישט ביים טיש, ביי אַ גרויסע געזעלשאַפט, צו ער-

כּוּנטערען די געסט צום אָנפאַנגען עסען. אין יעדען פאַל דאַרפען די מענער נישט אָנהויבען צו עסען פריהער, איידער עס הויבען-אָן די פרויען, וואָס זיצען דערנעבען און אַנטקעגענאיבער.

עס איז העכסט וויכטיג, דאָס יעדער זאָל אַכטונג געבען אויף זיך, ווי אַזוי צו זיצען ביים טיש. דאָס זיצען זאָגט זעהר פיעל וועגען די גוטע מאַניערען פון מענש. די שטוהל דאַרף נישט זיין אַוועקגערוקט ווייט פון טיש, נאָר דאַרף זיין גענוג נאָהנט צוגערוקט, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז מען זאָל זיצען נישט צוגעפּרעסט צום טיש, מיט דער ברוסט צום טיש-ברעג. ביים טיש דאַרף מען זיצען אויסגעגלייכט, נישט איינגעהויקערט, די פּלייצעס און רוקען דאַרפען לייכט זיך אָנריהרען אינים אָנלעהן פון דער שטול, דאָס מאַכט דעם מענשען בעקוועמער און זיכערער. ביים עסען זאָל מען נישט פערלעגען אַ פוס אויף אַ פוס, נישט אויסציהען ווייט די פיס, נאָר זיי האַלטען גלייך צו דער פּאָדלאָגע.

און וואָס טהוט מען מיט די הענד? אָט די זאָרג האָבען פיעל מענשען ביים עסען. ביי די פּאַזעס, צווישען איין געריכט און צווייטען, ווייסען זיי נישט, וואָס צו טהון מיט די הענד, און ביים עסען, האָבען זיי אָפט איבעריג די לינקע האַנד.

עס איז אָבער נישט אַזוי געפעהרליך. ביים עסען דאַרף מען די הענד האַלטען אָנגעשפּאַרט אָן ברעג טיש, אָבער די עלענבויגען דאַרפען אויפ'ן טיש נישט ליגען, זיי דאַרפען זיין אַראָבגעלאָזט פון טיש, מען דאַרף זיך אויך נישט אַריינבייגען אין טעלער אַריין. ווען מען עסט אָדער טרינקט בלויז מיט איין האַנד, למשל ביי זופּ, טהיי א. ד. ג., דאַרף מען די לינקע האַנד נישט בעשעפטיגען מיט ציפּען דאָס טישטוך, אָדער מיט שפּיעלען זיך מיט'ן טישבעשטעק, נאָר מען דאַרף בלויז די האַנד, (די פינגער-טייל) האַלטען אָנגעשפּאַרט אינים ברעג טיש. דאָס האַלטען די הענד אויף די קניה, איז אונבעהאָלפען.

ביים אויפשטעלען זיך פון טיש, נאָכ'ן עסען, דאַרף מען, פּונקט ווי מיט'ן אָנהויבען עסען, געבען פאָרשום די ווירטין פון דער שטוב און די פרויען. מען דאַרף נישט אויפשטעהן פריהער, ביז די ווירטין שטעהט-אויף, און אין אַ גאָר גרויסע געזעלשאַפט,

דאַרף מען וואַרטען ביז די פּרויען, וואָס זיצען דערנעבען און אַנט-קעגענאיבער שטעלען זיך אויף.

ווילאַנג עס דויערט דאָס עסען, איז אונבּעדינגט נישט צולעסיג צו רויכערען. בּעסער איז בּכלל נישט צו רויכערען בּיים טיש, וואו מען האָט געגעסען. ערשט ווען מען שטעלט זיך אויף פון טיש, קען מען אָנהויבען רויכערען. יעדענפאַלס קען מען רויכערען ערשט דעמאָלט, ווען אַלע בּיים טיש האָבען געענצליך אויפגעהערט צו עסען און מען האָט אויפגעהערט צו דערלאַנגען עסען.

דער גוטער טאָן פאָדערט, אַז בּיי אַ אויפנאַהמע זאָל מען נישט בּאַלד נאָכ'ן עסען זיך געזעגענען און אַוועקגעהן. מען דאַרף נאָך שפּעטער אַביסעל זיך אונטערהאַלטען אין אַ געשפּרעך. עס איז געוואונשען צו פערבּרענגען נאָכ'ן עסען כאָטש נאָך אַ האַלבּע שעה.

## דאָס רויכערען פּאַפּיראָסען

בּיים רויכערען פּאַפּיראָסען דאַרף מען נישט ווייניגער וויסען, ווי אַזוי זיך צו האַלטען, ווי בּיים עסען. דער ערשטער כּלל איז צו וויסען, אַז ווען מען איז צוגאַסט, דאַרף מען ווי ווייט מעגליך ווייניגער רויכערען. מען דאַרף נישט אַרויסווייזען, אַז מען איז אַ ליידענשאַפטליכער רויכערער צוליבּ פיעל אורזאַכען. אין אַלגע-מיין האָבען מענשען נישט ליעבּ קיין שום איבּערגעטריבּענע מאָס אַזוי בּיים טרינקען אַלקאָהאָל, אַזוי בּיים רויכערען, צי בּיים שפּיעלען אין קאָרטען. אין די אַלע פאַלען דאַרף מען זיך האַלטען עטוואָס צוריקגעהאַלטען, נישט פערשקלאַפט און פערקאָכט צו דער ליידענשאַפט. איינער, וואָס רויכערט אַ סך, בּיי יענעם אין שטובּ איז עס טאַקטלאָז, און ווען ער געהט אַוועק, זאָגט די ווירטין, אַז ער האָט אָנגערויכערט אַ פולע וואָהנונג.

גלייכצייטיג דאַרף מען אין זינען האָבּען, אַז אין אַ געזעל-שאַפט פון מעהרערע פערזאָנען, זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס דער רויך איז פאַר זיי שעדליך, אָדער נישט אָנגענעהם. יעדענפאַלס, ווען מען איז צוגאַסט, דאַרף מען זיך בּעמיהען ווינציגער צו רויכערען.

די הערשאפט פון דער וואָהנונג, ווען זיי לאַדען איין געסט, דאַרפען פונדעסטוועגען אין זינען האָבען, אַז היינטיגע צייטען רויכערען אַלע פּאַפּיראָסען, אַפילו פרויען, און זיי דאַרפען צוגרייטען פאַר די געסט אַביסעל פּאַפּיראָסען מיט אַש-טעלערלעך. דאָס דאַרף זיין אַפילו דעמאָלט, ווען די הערשאַפטען פון דער וואָהנונג רויכערען נישט.

אויב איינער איז פערבעטען צו אַ פאַמיליע, וואָס רויכערט נישט, איז נויטיג איינגאַנצען זיך אָבצוהאַלטען פון צו רויכערען.

אויב מען איז פערבעטען צו אַ פאַמיליע, וואו פאַר די געסט זענען פאַרהאַן עטליכע צימערן, דאַרף מען זיך איבערפרעגען, אין וועלכען צימער עס איז ערלויבט צו רויכערען.

קיינמאָל זאָל מען נישט אריינגעהן מיט אַ פּאַפּיראָס אין אַ זאַל, וואו מען טאַנצט, ווי אויך איז נישט פיין אריינצוגעהן אין שלאָף-צימער מיט אַ פּאַפּיראָס.

ווען מען נעמט אַרויס אַ פּאַפּיראָס צו רויכערען, דאַרף מען דערמיט מכבד זיין די פּערזאָנען, וואָס שטעהען צוזאַמען אין געשפרעך. מען קען זיך ענטזאַגען פון נעמען אַ אָנגעבאָטענעם פּאַפּיראָס, אויב מען האַלט נישט ביי רויכערען, אָדער אויב מען רויכערט אַ אַנדערען סאָרט פּאַפּיראָסען. דאָס הייסט נישט קיין בעליידיגונג. דאַגעגען הייסט אַ בעליידיגונג, ווען איינער ענטזאַגט צו נעמען אַ פּאַפּיראָס און אין אַ ווייַלע אַרום נעמט ער פון אַ אַנדערען יאָ, אָדער ער נעמט אַרויס אַ אייגענעם פּאַפּיראָס פון דעם זעלבען סאָרט.

קיינמאָל זאָל מען נישט נעמען דעם לעצטען פּאַפּיראָס פון איינעם, וואָס איז מכבד, אַפילו ווען דער דאָזיגער בעט דערין נאָך אַמאָל און זאָגט, אַז עס שאַדט נישט, „ער וועט באַלד האָבען אַנדערע", „אויפ'ן וועג וועט ער קויפען". פונדעסטוועגען דאַרף מען שטענדיג לאָזען דעם לעצטען פּאַפּיראָס פאַר זיין אייגענטימער. פאַרהאַן רויכערער, וואָס ווען עס בעפאַלט זיי דער חשק צו רויכערען, קען ער האָבען פעראיבעל, וואָס מען האָט ביי איהם צוגענומען דעם לעצטען פּאַפּיראָס און ער קען דעריבער נישט בעפרידיגען זיין ליידענשאַפט.

גאַר איידעל איז, ווען די, וואָס רויכערען ווענינער, וועלען זיך אָבהאַלטען פון אָננעמען אַ פאָרגעלעגטען פּאַפּיראָס, אויב זיי זעהען, אַז אין פּאַפּיראָסען-טעשעל זענען געבליבען נאָר 2—3 פּאַ-פּיראָסען, בעת מען דאַרף נאָך אַ לענגערע צייט פערהוויילען אין דער געזעלשאַפט.

ווען מען פּערווויכערט, דאַרף מען שטענדיג געבען פייער די אַנדערע פּערזאָנען, אַלץ איינס, צי דאָס זענען עלטערע אָדער יונ-גערע. אויב מען וויל זיין גאָר העפליך בנוגע די פערזאָן, וואָס גיט פייער, קען מען ארויסנעמען דאָס שוועבעלע פון זיין האַנד און איהם געבען פריהער צו פערווויכערען. אויב יענער האָט אַ „זאַ-פּאַלניטשקע" (פייער-אַפּאַראַטיל), דאַרף מען דאָס נישט טהון.

מען דאַרף זיך ווי ווייט מעגליך אָבהיטען פון צו פערווי-כערען אַ פּאַפּיראָס ביי אַ ברענענדיגען פּאַפּיראָס. געהענדיג אין גאַס, און מען וויל דורכאויס פּערווויכערען אַזוי אַ פּאַפּיראָס, זאָל מען בשום-אופן נישט ארויסנעמען דעם פּאַפּיראָס פון יענעמס האַנד.

אַזוי ווי אַ גרויסע טייל פרויען רויכערען איצט פּאַפּיראָסען, דאַרף מען, ווען מען געהט פערווויכערען אַ פּאַפּיראָס, פאָרלעגען די דאַמען, צי זיי ווילען פּאַפּיראָסען. קיין שום פרוי דאַרף זיך דערפון נישט בעליידיגען. עס איז אויך העכסט טאַקטלאָז, ווען אַ פרוי זאָגט איצט ביי אַזאַ געלעגענהייט, אַז זי וויל נישט רוי-כערען, ווייל דאָס איז אַ עקעלהאַפטע זאַך, אָדער אַ עהנליך שטאַר-קען אויסדרוק; די פרוי דאַרף וויסען, אַז דערמיט קען זי אָפּט בעליידיגען אַנדערע פרויען, וואָס געפינען זיך אין דער געזעלשאַפט און רויכערען יאָ. עס קען דאָך אויך זיין, אַז די פרוי פון דעם, וואָס איז מכבד מיט'ן פּאַפּיראָס, רויכערט אויך, אין אַזאַ פאַל, איז עס גאָר אַ שווערע בעליידיגונג. אויב אַ פרוי רויכערט נישט, איז גענוג, ווען זי ענטזאַגט זיך צו נעמען אַ פּאַפּיראָס, און קיינער נישט קריטיקירען.

אַ פרוי דאַרף נישט רויכערען אויף דער גאַס; זי קען אָבער רויכערען אויפ'ן באַלקאָן פון דער וואָהנונג.

* מאַנספּערזאָן דאַרף שטענדיג דינען דער פרוי מיט אַ שוועבעלע פייער צום פּאַפּיראָס, אָבער אַ פרוי זאָל קיינמאָל

נישט געבען קיין פייער פאר א מאנספערזאָן, דאָס איז א איבער-געטריבענע און טאקטלאָזע העפליכקייט... אויב א פרוי פערראויכערט זיך אליין א פאפיראָס און דערביי בעמערקט זי, ווי א בעקאנטער זוכט פייער, דארף זי איהם נישט געבען דאָס ברענענדע שוועבעלע, נאָר דאָס גאנצע שאכטעל שוועבעלעך.

מען דארף נישט אָבשאָקלען דאָס אש אויף דער פאָדלאָגע. מען טאָר נישט אויך דעם קאָרק פון פאפיראָס ווארפען אויף דער פאָדלאָגע אָדער אין א ווינקעלע. מען דארף זיך בעמיהען דערצו צו בענוצען א אש-טעלערל. אויב מען האָט פערגעסען אָנצוגרייטען דאָס, דארף מען דאָס בעטען ביי דערווירטין פון דער וואָהנונג.

עס איז זעהר נישט שעהן, ווען מען שאָקעלט-אָב דעם אש אויף א טעלער אָדע „פאָדסטאַוועקע" פון די טהיי, דאָס איז זעהר נישט עסטעטיש און ווירקט שלעכט. אונבעדינגט דארף מען דאָס אויסמיידען.

דערביי ווילען מיר מאכען א קליינע בעמערקונג: עס זענען פאַרהאַן פיעל מענשען, וואָס מיינען, אז עס איז נישט שעהן צו-פיעל צו בעוועגען זיך אָדער אָפט צו פערלאַנגען, ווען מען איז צוגאַסט, אָדער ווען מען געפינט זיך אין א געזעלשאַפט. אזעלכע קרעמפּירען זיך אויפצושטעלען פון פלאַץ, כדי אומצוקוקען זיך ערגיץ נאָך א אש-טעלערל. אָדער מען שעמט זיך צו בעטען דאָס ביי דער ווירטין. אַזוי ווי מען וויל זיך דאָס איינבערענגען, זיצט מען ווייטער אויפ'ן זעלבען פלאַץ און מען ווארפט בעסער דאָס אש וואו עס לאָזט זיך, אויפ'ן נאָהנטסטען טעלערל אָדער אויף א גע-גענשטאנד אויפ'ן טיש. דאָס איז אומגעלומפערט און נישט שעהן. אין ערגסטען פאַל דארף מען דאָס אש אָבשאָקלען אינ'ם שאכטעל פון די שוועבעלעך.

# פריינדשאַפטליכע בעציהונגען

אַמאָליגע צייטען פלעגט מען שטאַרק בערערען אַזאַ פאַמיליע, וואָס האָט אָפט איינגעאָרדענט אויפנאַהמעס פאַר גוטע פריינד און בעקאַנטע, און, וואָס פלעגט אויך אָפט געהען צו געסט, מען האָט נעקוקט אויף אַזעלכע, ווי אויף הולטייעס, ווי אויף מענשען, וואָס ברענגען אויס לייכט זייער געלד און זייער צייט. אַמאָל האָט מען געלעבט נאָר פאַר זיך, מען האָט געלעבט און פערברענגט אין ענגען קרייז פון אייגענעם הויז-געזינד. פאַמיליע-אויפנאַהמעס און ווי-זיטען פלעגען מאַכען נאָר רייכע פאַמיליעס.

יענע צייטען זענען שוין אַוועק; די וועלט-מלחמה האָט גענצ-ליך געענדערט דעם כאַראַקטער פון די ברייטסטע שיכטען פון די מענשען. מען וויל מעהר נישט זיין אָבגעשלאָסען אין ענגען קרייז פון די סאַמע נאָהנטסטע; יעדער מענש, אַפילו מיטעלמעסיגע פער-זאָנען און אַרבייטער שטרעבען איצט צו לעבען אויף אַ פיי-נערן און ברייטערן שטייגער, מען וויל דאָס לעבען זיך מאַכען אינ-טערעסאַנטער און שעהנער, און מען וויל דערהויפט פערברייטערן דעם קרייז פון די בעקאַנטע און פריינד.

די מענשען האָבען איצט אינגאַנצען אַנדערע אָנשויאונגען אויף דעם אופן, ווי אַזוי מען דאַרף פיהרען דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ און וואָהלשטאַנד. דער מאָדערנער מענש ווייסט, אַז וואָס מעהר ער האָט גוטע פריינד, מיט וועלכע ער פערהאַלט זיך נאָהנט, אַלץ בעסערע שאַנסען האָט ער פאַר'ן ערפאָלג אין זיינע געשעפטען, אַלץ לייכטער איז איהם צו בעקומען אַ גוטע שטעלונג אין זיין בעשעפ-טיגונג, אין ווער שמועסט שוין, ווען מען האָט דערוואַקסענע קינ-דער. דאָס פערשטעהען איצט אַלע 100 פראָצענט מענשען, אַז עס זענען שוין אַוועק די צייטען פון שדכנים, וועלכע האָבען צוזאַמענ-געפיהרט אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. אויפנאַהמעס, פאַמיליען-אַווענדען, געהען צו געסט, אָט דאָס זענען איצט די מאָדערנע שדכנים.

דאָס מאַכען אויפנאַהמעס און פאַמיליען-אַוועַנדען איז געוואָ-

רען אַ פּאָפּולערע זאַך; יעדער דורכשניטליכער מענש בעמיהט זיך איצט, כאָטש עטליכע מאָל אין יאָהר צו מאַכען אויפנאַהמעס און אָוועֶנדען, צו וועלכע מען לאַדט-איין פריינד, בעקאַנטע, קאָלעגען פון דער אַרבייט, און פערזאָנען, מיט וועלכע מען האָט געשעפטליכע בעציהונגען.

## אופנאַהמעס און וויזיטען.

דער פונדאַמענט פון דער היינטיגער עטיקעטע און געזעל-שאַפטליכען צוזאַמענלעבען מיט מענשען, איז מאַכען וויזיטען און אויפנאַהמעס. דאָס איז דער איינציגער גוטער וועג צו דערנעהנטערן צו זיך די מענשען, וועלכע מען וויל געוואונען אַלס גוטע פריינד, און בעסער צו בעקאָנען זיך מיט די, מיט וועלכע מען טרעפט זיך טאָג-טעגליך ביי דער בעשעפטיגונג, אין ביוראָ צו ביי דער אַרבייט, אויף אַזאַ אופן ווערען איצט די מענשען אָפענהערציגער צווישען זיך, געטרייער און איבערגעבענער. דאָס איז דער וועג, דורך וועלכען מען קלויבט זיך אויס די בעסטע פון אַלע בעקאַנטע און מען לעבט זיך-איין מיט זיי גוט, ביז עס ווערען האַרציגע בעציהונגען.

אויף וויזיטען און אויפנאַהמעס דאַרף מען אָבהיטען די הויפּט-פּרינציפּען, וואָס זענען אָנגענומען אין די געזעלשאַפטס-קרייזען. אַפילו די, וואָס זענען גוט בעפריינדעט מיט די ווירטין פון דער שטוב, דאַרפען זיך דערמיט רעכענען, וואָרום עס קענען זיין צווישען די געסט אַזעלכע, וואָס ווייסען נישט, אַז מען איז נאָהנט בעקאַנט מיט די הערשאַפט פון דער שטוב, און זיי קענען מיינען, אַז מען היט נישט אָב די גוטע זיטען און מאַניערען אויף דער אויפנאַהמע, ווייל מען קען זיך נישט האַלטען אין קיין גוטע געזעלשאַפט. אחוץ דעם קען מען בעקומען אַ שלעכטע מיינונג וועגען דער ווירטין פון דער היים, אויב אויף אַ אויפנאַהמע ביי איהר זענען פאַרהאַן אַזעלכע געסט, וועלכע האַלטען זיך נישט גוט.

דער וויכטיגסטער פּרינציפּ ביים מאַכען וויזיטען, איז קיינ-מאָל נישט צו קומען אין אַ צייט, ווען מען קען פערשטעהען, אַז דאָס וועט אין עפּעס שטערען די בעלי-בתים (הערשאַפט) פון שטוב,

אויך נישט דערמאָלט, ווען מען ווייסט, אַז די ווירטין איז נישטאָ אין דער היים. דאָס איז זעהר נישט העפליך.

אָפיציעל איז אָנגענומען, אַז די צייט פאַר וויזיטען איז פון נאָך מיטאָג ביז 7 אָווענד. אָבער מען מאַכט אויך פיעל וויזיטען אין אָווענד. די, וואָס ווילען קומען מיט וויזיטען נאָך 7 אָווענד דאַרפען זיין פאָרזיכטיג, אַז זייער וויזיט זאָל נישט זיין קיין לאַסט פאַר די בעלי-בתים, און זאָל זיי נישט קאַליע מאַכען דעם פּלאַן, פון פער-ברענגען דעם אָווענד.

מען דאַרף זיך רעכענען דערמיט, אַז אין אָווענד וויל מען אָפט געהען אין קינאָ אריין, אין טעאַטער, אָדער גלאַט אויף אַ שפּאַ-ציר, צוליב דעם דאַרף מען קיינמאָל נישט איבעראַשען מיט קיין אונ-ערוואַרטעטען וויזיט צווישען 7 און 9 אָווענד, אין דער צייט, ווען מען קלויבט זיך געוועגליך ארויסצוגעהען.

אין יעדען הויז איז איינגעפיהרט איין אָווענד אָדער צוויי אָווענדען אין דער וואָך ווען די בעלי-בתים זענען דאָ אין אָווענד אין דער היים. דאָס איז נישט שווער צו וויסען, למשל, אויב די, צו וועלכע מען וויל געהען מיט אַ וויזיט האָבען אַ קריסטליכע דינסט, איז די ווירטען שטענדיג אין דער היים זונטאָג נאָך מיטאָג און אין אָוענד, אויב עס איז דאָ אַ יודישע דינסט, איז זי דאָ אין דער היים שבת אָווענד — אין אַזאַ אָווענד קען מען קומען מיט אַ וויזיט.

מען דאַרף אויך נישט קומען מיט קיין וויזיט, און אפילו נישט בעשטעלען זיך פריהער צו קומען מיט אַ וויזיט, אין אַ אָווענד, ווען די בעלי-בתים האָבען אַ געוואָהנהייט צו געהען אין אַ קינאָ אָדער טעאַטער. עס זענען, צום ביישפּיעל, פּאַרהאַן פּערזאָנען, וואָס האָבען אַ טראַדיציע צו געהען יעדען פרייטאָג-אָווענד אין אַ קינאָ, אָדער יעדען שבת-אָווענד, אַנדערע ווידער געהען אין אַ פּראָסטען מאָנ-טאָג. מען דאַרף דעריבער זיך נישט אָנוואַרפען מיט קיין וויזיט, אין אַזאַ צייט, וואָס מען קען שטערען דער געוואָהנהייט פון די בעלי-בתים.

די פּרינציפּען דאַרפען האָבען אַלע, אָהן אונטערשיעד צו דאָס זענען גלאַט בעקאַנטע, אָדער אפילו גאָר גוטע פריינד, זעהר נאָהנטע. וואָרום עס איז זעהר אַ אונאַנגענעמע סיטואַציע דוקא ווען עס קומט

אַ זעהר גוטער פריינד פון דיווירטין אָדער פון איהר מאַן, אין דער־צייט, וואָס מען האָט פריהער זיך אַנגעגרייט צוויי בילעטען אין טעאַטער אריין. אין אָנהויב קרעמפּירט מען זיך צו זאָגען, שפּעטער זאָגט מען שוין, ענטשטעהט אַ נישט-בעקוועמע סיטואַציע; מען פערשפּעטיגט זיך, אָדער די ווירטין מוז איינגאַנצען רעזיגנירען פון גע־העןן; דאָס איז זעהר אונאַנגענעהם און פיינענד.

אַזעלכע עהנליכע סיטואַציעס איז זעהר לייכט אויסצומיידען, אין די ערטער, וואו עס איז פאַרהאַן טעלעפאָנען, דאַרף מען מיט אַ טאָג פריהער, אָדער כאָטש אין זעלבען טאָג, פאַרמיטאָג, אָנזאָגען, אַז מען גרייט זיך צו קומען אין אָוונד, גלייכצייטיג דאַרף מען זיך אָנפרעגען, צי דאָס וועט נישט שטערען און צי די ווירטין קלויבט זיך נישט ערגיץ אַוועקצוגעהען.

אין די ערטער, וואו עס איז קיין טעלעפאָן נישט פאַרהאַן, דאַרף מען אויף אַ אַנדערען אופן צוזויסען געבען. יעדענפאַלס דאַרף מען זיך האַלטען פאַר אַ כלל, אַז אין אָוונד זאָל מען נישט קומען מיט קיין וויזיטען אומגעריכט. מיט אַזעלכע אומגעריכטע וויזיטען, איז אַמבעסטען צו קומען נאָכמיטאָג, פון 4 ביז 7 אָוונד.

אַ קונסט פון אַ קולטורעלען מענש, איז דאָס קענען אַריינגעהן אין זאַל. דאָס ערשיינען מיט'ן וויזיט אין דעם צימער, וואו עס זענען פערזאַמעלט מעהרערע געסט, דאַרף באַלד מאַכען דעם גוטען איינ־דרוק. דאָס וויכטיגסטע איז, אַז מען דאַרף געדענקען צו וועמען מען איז געקומען. מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז די פליכט איז דאָס ערשטע צו בעגריסען זיך מיט דער ווירטין. אויב מען טרעפט אָן פריהער אַנדערע פריינד, קען מען זיי פערבייגעהענדיג צוואַרפען אַ וואָרט, און גלייך צוגעהן צו דער ווירטין און זיך מיט איהר בעגריסען.

אויב מען איז נישט געווען בעקאַנט מיט דער ווירטין, ווייל מען גיעט-אָב דעם ערשטען וויזיט, דאַרף מען דערביי אויסדריקען מיט עטליכע ווערטער די צופרידענהייט צו האָבען די געלעגענהייט זיך צו בעקענען. מען קען געוועהנליך זאָגען: „איך בין העכסט צו־פרידען, וואָס איהר האָט מיר געגעבען די געלעגענהייט זיך צו בע־קענען מיט אייך“, „איך האָב פיעל געהערט פון אייך, וואָס האָט

מיך פּעראינטערעסירט", „איך בין גליקליך מיט אייך פּערזענליך זיך צו בּעקענען, בּיז איצט האָבּען מיר זיך געקענט נאָר פון דער-ווייטענס, טעלעפאָניש אָדער בּריפליך", מיט אייער מאַן קען איך זיך שוין זעהר לאַנג און האָבּ שוין לאַנג בּעגעהרט זיך צו בּעקענען אויך מיט אייך". א. א. וו. אַזאַ אויסדרוק, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער סיטואַציע.

נאָכדעם, ווי מען ערפיעלט די פּליכט, אויבּ דאָס איז אַ פרוי, דאַרף זי זיך בּעגריסען מיט די פרויען, און ערשט נאָכדעם דאַרף זי זיך זעצען, אָדער אָנהויבען שמועסען, פרויען דאַרפען נישט צו-געהען צו די מענער-געסט און זיך מיט זיי גריסען, דאָס דאַרפען די מענער אַליין צוגעהען און זיך בּעגריסען, נאָכדעם ווי זיי בּעמער-קען, אַז מען האָט זיך שוין בּעגריסט מיט די דאַמען.

אויבּ דאָס איז אַ מאַנספּערזאָן, דאַרף ער פריהער זיך בּעגרי-סען מיט די פרויען, און נאַכהער זיך בּעגריסען מיט די מענער. דאָס ערשטע בּעגריסט מען זיך מיט די בּעקאַנטע פרויען, נאַכהער מיט די אונבּעקאַנטע, ערשט שפּעטער מיט די מענער. אויבּ מען איז נישט בּעקאַנט מיט די גרעסטע טייל געסט, דאַרף מען בּעטען די ווירטין אָדער ווירט פאָרצושטעלען פאַר די געסט. פריהער דאַרף מען פאָרשטעלען פאַר די דאַמען נאַכהער פאַר די מענער.

דאָס דאַרף מען אויספיהרען אויף אַזאַ אופן: עס איז פער-שטענדליך, אַז אין זאָל אָדער צימער זענען נישט די געסט איינגע-טיילט אין צוויי העלפטען: מענער בּעזונדער און פרויען בּעזונדער, עס שטעהען אָדער זיצען גרופּקעס, אויסגעמישט מענער און פרויען, דאָס איז פערשטענדליך. דאַרף מען נישט פריהער זיך בּעקענען מיט די פרויען פון איין גרופּע און לאָזען שטעהען די מענער, וואָס האַל-טען זיך אונטער מיט זיי און צוגעהען צו אַ צווייטע גרופּע, כדי זיך צו בּעקענען מיט יענע פרויען, און ערשט נאָר צום סוף מיט די מענער. ניין! אַזוי איז פאַלש. צו יעדע גרופּע, וואָס מען קומט-צו, דאַרף מען פריהער ווערען פאָרגעשטעלט פאַר די פרויען, און פאַר די מענער פון דער גרופּע שטעלט מען זיך אַליין פאָר, אָדער דער ווירט צי ווירטין שטעלען פאָר, נאַכהער געהט מען צו צו אַ צווייטע גרופּע א. א. וו.

אַ מאַנספּערזאָן דאַרף זיך נישט אַליין אוועקזעצן, נאָר נאָכדעם ווי ער בעגריסט זיך מיט אַלעמען, בלייבט ער שטעהען, רעדענדיג מיט עמיצען אָדער אין אַ אַנדערע האַלטונג. די ווירטין אָדער ווירט דאַרף באַלד איהם בעטען זיצען. דערביי איז די אויפ־גאַבע פון די בעלי־בתיב נישט צו לאָזען שטעהען לאַנג די געסט.

ביים פאָרשטעלען און בעקענען די געסט, דאַרף די ווירטין אָדער דער ווירט זיך האַלטען ביי פאָלגענדע פּרינציפּען:

אויב זיי ווילען בעקענען אַ מאַנספּערזאָן מיט אַ פרוי, דאַרף מען זיין געווענדעט צו דער פרוי און זאָגען דעם נאָמען פון מאַנס־פּערזאָן. צום ביישפּיעל, „ערלויבט פאָרצושטעלען אייך דעם ה׳ ב...“, באַלד דערויף זאָגט מען אויך דעם נאָמען פון דער פרוי. מען קען עס מאַכען קורץ אויף דעם אופן: „בעקענט אייך, הערר ב..., פריילין ס....“ יעדענפאַלס דאַרף מען געדענקען, אַז געווענדעט צו דער דאַמע זאָגט מען איהר פריהער דעם נאָמען פון דעם הערר, וועלכען מען שטעלט פאָר, נאָכהער צום הערר דעם נאָמען פון דער דאַמע.

ווען מען בעקענט צוויי פרויען, פון גלייכען עלטער, זאָגט מען אַרויס ביידע נעמען אָהן אונטערשיעד, וועלכע פריהער. ווען דאָס זענען פון פערשיעדענע עלטער, זאָגט מען געווענדעט צו דער על־טערער דאַמע דעם נאָמען פון דער יונגערער, און נאַכהער דער יונ־גערער דעם נאָמען פון דער עלטערער.

דאָס זעלבע איז, ווען מען בעקענט צוויי מענער.

ווען צוויי אונבעקאַנטע בעקענען זיך אויף אַזאַ אופן, דאַרפען זיי זיך דריקען די הענד; ווען דאָס איז אַ מאַנספּערזאָן מיט אַ פרוי, איז די פליכט פון הערר, צו זאָגען דערביי איינינע ווערטער, וואָס זאָלען אויסדריקען די צופרידענהייטען, וואָס עס האָט זיך געשאַפען די געלעגענהייט צו בעקענען זיך.

אויב דאָס איז אַ פרוי, אָדער אַ פריילין, וועלכע מען טרעפט אָפט פון דערוויטענס, וועלכע מען האָט געשטרעבט צו בעקענען, מעג מען זיך ערלויבען דאָס צו בעטאָנען מיט ווערטער, ווי אַ שטיי־גער: „איך האָב שוין לאַנג געוואָלט האָבען דאָס גליק צו קענען זיך מיט אייך, איהר האָט מיך אַלע מאָל שטאַרק פעראינטערעסירט, דער איצטיגער וויזיט איז פאַר מיר אַ אמת גליק, וואָס איך וועל

שוין מעהר נישט בעגעגענען זיך מיט איין ווי א פרעמדע, נאָר ווי א גוטע בעקאַנטע". אויב מען בעטאַנט נישט מיט עהנליכע ווער־טער ביי א ניי-געשלאָסענע בעקאַנטשאַפט מיט א פרוי, וועלכע מען בעגעגענד אָפט, איז עס זעהר ברוטאל און בעליידיגענד. די פרוי ווערט ענטוישט און בעקומט דעם איינדרוק, אז זי האָט נישט ארויס־גערופען קיין שום אינטערעס.

אויב עס זענען פאַרהאַן א סך געסט, איז עס אונמעגליך מיט אלעמען זיך צו בעגריסען. דעמאָלט איז גענוג, ווען מען בעגריסט זיך נאָר מיט די, וואָס שטעהען און זיצען צום נאָהנטסטען. אויב אלע געסט זיצען, בעגריסט מען זיך נאָר מיט'ן קאָפּ צו די געסט, און ביים פערנעמען א זיץ-פּלאַץ בעגריסט מען זיך מיט די הענד מיט די, וואָס זיצען צום נאָהנטסטען. די פּערזאָנען, וואָס האלטען אין מיטען עסען דאַרף מען נישט דערלאַנגען די האַנד, נאָר בע־גריסען מיט'ן קאָפּ. ביים עסען אזעלכע זאכען ווי געבעקס, שאָקאָ־לאַד, „טשאַסטקעס" קען מען יאָ געבען די האַנד.

א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט דאַרף מען לעגען ביים קי־שען די האַנד פון דאַמען.

פאַרהאַן פּערזאָנען, וואָס נעמען די האַנד פון דער דאַמע מיט זיין לינקע האַנד און מיט זיין רעכטער גיעט ער א גלעט די האַנד, גלייך ווי ער וואָלט אָבגעווישט די האַנד. דאָס איז נישט שעהן, דאָס איז בעליידיגענד, עס קען זיין, אז טייל מיינען דערמיט אויסצודריקען אביסעל סענטימענטאליטעט, אָדער אכטונג, דאָס קומט אָבער אויס אנדערש, עס קען מאַכען דעם איינדרוק, אז מען ווישט-אָב די האַנד.

דער מאַנספּערזאָן דאַרף מיט זיין רעכטע האַנד אָננעמען די האַנד פון דער דאַמע און זיך אראָבבייגען לייכט מיט'ן קאָפּ צו דער האַנד און געבען א לייכטען קוש.

ביים קישען די האַנד דאַרפען די ליפּען נישט זיין נאַס, און מען דאַרף איהם נישט הערען פון דערווייטענס.

דער מאַנספּערזאָן דאַרף נישט אויפהויבען די האַנד פון דער דאַמע צו זיין מויל און אליין שטעהען גלייך, ער דאַרף זיך איינבויגען צו דער האַנד.

מען קען געבען דעם קוש אויף דער האַנד, מעהר בעקאַנטע דאַמען קען מען דעם קוש געבען העכער אויף דעם גליד פון דער האַנד. נאָר נאָהענטע בעקאַנטע פרויען קען מען דעם קוש געבען אויף די פינגער ביי די נעגעל, אָדער אפילו אין דער הויך פון דער ענט-בלויזטער האַנד אָדער אָרעם, אויב מען טראָגט אַ אָווענד-קלייד, וואָס האָט נישט קיין אַרבעל.

---

ווען מען קומט מיט אַ וויזיט, זאָל מען קיינמאָל נישט אַריינ-געהן אין צימער אריין אינ'ם אויבער-מאַנטעל אָדער פוטער מיט'ן קאַפעלוש; אַ מאַנספערזאָן מוז דאָס אַלץ איבערלאָזען אין פאָרער-צימער; אַ פרוי קאָן יאָ ערשיינען אויף דער שוועל פון צימער אין איהרע אויבער-קליידער און הוט, אָבער זי דאַרף נישט אַריינגעהן צווישען די געסט, נאָר זיך אויסטהון.

אפילו ווען מען קומט צו אַ פריינד איינער אַליין, עס זע-נען קיין אַנדערע געסט נישטאָ, איז עס פאַר אַ מאַנספערזאָן זעה-גראָב זיך אוועצוזעצען אינ'ם אויבער-מאַנטעל. די בעמערקונג, אַז מען איז געקומען נאָר אויף אַ ווייַלע, פערבעסערט נישט די סיטו-אַציע, דאָס איז גראָב, אָהן רעספּעקט צו די בעלי-בתים פון שטוב. אין יעדען איינציגען פאַל, וואָס מען קומט אריין אין אַ פּריוואַטע וואָהנונג, מוז מען דעם אויבער-מאַנטעל איבערלאָזען אין קאָרידאָר. אויב מען וויל דאָך נישט אויסטהון דעם מאַנטעל, דאַרף מען בלייבען שטעהן אין קאָרידאָר און דאָרטען אין איילעניש ערלע-דיגען דעם אינטערעס.

אויב אַ פרוי קומט איינע אַליין צו-גאַסט, ווען עס זענען קיין אַנדערע געסט נישטאָ, קען זי אַריינגעהן אין זאָל אין איהרע אויבער-קליידונג און קאַפעלוש. אויב זי בלייבט צו טהיי, און עס איז ווינטער, דאַרף זי צו דער טהיי אויסטהון דעם מאַנטעל אָדער פוטער און קען אין קאַפעלוש טרינקען די טהיי. זומער קען די פרוי אפילו ביי דער טהיי בלייבען אין איהרע לייכטע אויבער-קליידונג.

ביי אַ גרויסע צאָהל געסט, איז גענוג זיך צו געזעגענען בלויז מיט די הערשאַפטען פון דער שטוב, און מיט די געסט, וואָס גע-

פינען זיך אין דער נאָהנט צום ארויסגאַנג, אָדער אין דערנעבען פון די בעלי־בתים, מיט וועלכע מען געזעגענט זיך. צו די אי־בעריגע געסט איז געגוג, אז מען זאָגט א אלגעמיינעם צום ווידער־זעהן אָדער גוטע נאַכט, דערביי דארף מען ווארפען דעם בליק אויף רעכטס און לינקס צו אלע געסט. אויב עס איז פאַרהאַן א קליינע צאָהל געסט, דארף מען זיך געזעגענען מיט אלעמען. מיט יעדען בעזונדער.

צום געזעגענען זיך דארף מען נישט אָנטהון זיך פריהער און אריינקומען זיך געזעגענען אין די אויבער־קליידונג. אין דעם הינזיכט זינדיגען זעהר פיעל פערזאָנען, מיינענדיג, אז מען דארף זיך געזעגענען אין די אָנגעטהוענע מאַנטלען. פריהער זאָל מען זיך געזעגענען און נאָכהער ארויס זיך אָנקליידען און מעהר זאָל מען שוין נישט צוריקקומען אין זאַל אריין.

אויב עס איז פאַרהאַן א גרעסערע צאָהל געסט, דארף דער אייגענטימער פון דער וואָהנונג בעגלייטען יעדען גאַסט ביז צו דער גאַרדעראָבע, און זיין פרוי דארף בלייבען מיט די איבעריגע געסט און מיט זיי פערברענגען. אויב עס זענען נאָך פאַרהאַן מעהרערע געסט, דארף דער אייגענטימער פון דער וואָהנונג באַלד צוריק־קעהרען זיך אין זאַל אריין צו די געסט.

די ווירטין בעגלייט צו דער גאַרדעראָבע אין קאָרידאָר, נאָר דעמאָלט, ווען אין זאַל זענען שוין קיין געסט נישט געבליבען, אָדער עס זענען נאָך פאַרהאַן בלויז אייניגע פרזאָנען. אין אלגע־מיין דארף זיין א פרינציפ, אז די ווירטין קען בעגלייטען צו דער גאַרדעראָב נאָר א פרוי, אין קיין פאַל נישט קיין מאַנספערזאָן.

די געסט, וואָס ווערען בעגלייט דורכ'ן קאָרידאָר, דארפען נישט צעגערן מיט'ן אָנטהון זיך, מען דארף דאָס טהון שנעל און אוועקגעהן. עס זענען ליידער פאַרהאַן אזעלכע, וואָס אין קאָרידאָר פערענדיגען זיי דאָס געשפרעך און טיילמאָל דויערט דאָס רעדען ביי די טהיר, לענגער, ווי דער גאַנצער וויזיט. דאָס איז זעהר נישט שעהן. מען דארף געדענקען, אז די הערשאַפטען זענען אָבגעמאַטערט פון דעם וויזיט און קענען נישט שטעהענדיגערהייט נאָך דורכ־פיהרען א געשפרעך ביי די טהיר.

אויב מען קומט צו בעקאַנטע און די דינסט ערקלערט, אַז די הערשאַפטען זענען נישטאָ אין דער היים, דאַרף מען זיך נישט פרעגען, וואוהין מען איז געגאַנגען, נאָר מען דאַרף אַוועקגעהן. עס קען אַמאָל זיין, אַז די ווירטין איז שלאָף און זי קען נישט אויפנעמען קיין געסט, אָדער עס זענען פאַרהאַן אַמאָל אַנדערע אורזאַכען, צוליעב וועלכע מען קען נישט אויפנעמען קיין געסט; דאָס דאַרף מען נעמען אין אַכט און נישט שטעלען די דינערשאַפט אין אַ שלעכטע סיטואַציע. מען דאַרף וויסען, אַז דער ענטפער „די הערשאַפטען זענען נישטאָ אין דער היים" הייסט, אַז מען נעמט נישט אויף קיין געסט.

גאַנץ בעזונדערס דאַרף מען אויסמיידען, דאָס אונזער וויזיט זאָל נישט זיין צו־לאַסט די בעלי־בתים. אויב געהענדיג מיט אַ וויזיט, טרעפט מען די הערשאַפטען אויף די טרעפּ אָדער אַרויסגעהענדיג פון דער וואָהנונג, אָדער אָנגעקליידעט גרייט צום אַוועקגעהן, זאָל מען דערין נישט שטערען, נאָר צוריק אַוועקגעהן. מען דאַרף זיך פערענטפערען, וואָס מען איז געקומען אין אַ נישטענטשפּרעכענדע צייט. די ווירטין פון דער היים דאַרף אויך זיך ענטשולדיגען, וואָס זי קען נישט האָבען דאָס פערגעניגען צו פערברענגען צוזאַמען, ווייל זי האָט נישט געוואוסט פון דעם פאָרשטעהענדען וויזיט, האָט מען בעשטימט ערגיץ אַוועקצוגעהן.

ווען מען איז מיט אַ וויזיט, דאַרף מען גוט בעמערקען, צי דער וויזיט ווערט נישט צו־לאַסט. עס איז זעהר גוט, ווען מען ווייסט אין דער געהעריגער צייט אַוועקצוגעהן. דאָס זיצען לענגער, ווי עס אינטערעסירט די ווירטין פון הויז, איז אומגעלומפּערט און טאַקטלאָז. מען קען דערקענען, ווען עס קומט די צייט פון אַוועקגעהן, מען דאַרף נאָר וועלען און מען דאַרף נישט זיין צו־גראָב־הויטיג.

אין גאַסט־פריינדליכע הייזער, איז מען געוועהנליך מכבד די געסט מיט טהיי, פרוכטען, שאָקאָלאַד, קאַרמעלן. מען דאַרף נישט ענטזאַגען צו געניסען עפּעס פון די זאַכען, וואָרום דערמיט פערשאַפט מען אונאַנגענעמליכקייט די ווירטין; אָבער מען דאַרף אויך נישט פערגעסען, אַז מען איז נישט געקומען עסען. ווען מען קומט מיט אַזאַ וויזיט, איז דאָס מעהר צו פיהרען אַ געשפּרעך,

און דאָס עסען פערנעמט דעם לעצטען פּלאַץ. אנדערש איז עס מיט א אויפנאַהמע, דאָ פערנעמט שוין דאָס עסען א גלייכען פּלאַץ מיט די געשפּרעכען און פערוויילונג.

קינדער דאַרף מען נישט מיטנעמען מיט זיך, ווען מען געהט אויף א אָפיציעלען וויזיט, און וואו עס וועלען זיין נאָך געסט. קינדער קענען מיטגעהן מיט עלטערען אויף א וויזיט, נאָר דע־מאָלט, ווען זיי האָבען דאָרטען בעקאַנטע, אָדער ווען די הערשאַפטען לאַדען זיי איין ספּעציעל.

ביים אַוועקגעהן פון א וויזיט, אָדער אויפנאַהמע, איז מען טאַקי נישט פערפליכטעט איבערצולאָזען די דינערשאַפט קליינגעלד, טרינק־געלד, אָבער מען דאַרף דורכאויס די דינערשאַפט איבער־לאָזען א טרינק־געלד. דאָס דאַרף מען נישט טהון מיט קיין גע־פּילדער, מען דאַרף נישט זוכען אין די טאַשען, ווען אַלע שטעהען ארום, מען דאַרף אויך נישט וועלען אויסטוישען געלד ביי די ווירטין, מען דאַרף פריהער צוגרייטען א טרינק־געלד.

עס איז דעסגלייכען נישט אויפ׳ן אָרט, ווען די הערשאַפט מישט זיך אריין צו די געסט, דאָס זיי זאָלען נישט איבערלאָזען קיין טרינק־געלד אָדער זיי זאָלען איבערלאָזען ווינציגער, ווילענדיג פער־שפּאָרען די געסט געלד, דאָס איז נישט שעהן און מאַכט זעהר א שלעכטען איינדרוק. דאָס דאַרף נישט אינטערעסירען די ווירטין.

---

עס זענען פאַרהאַן עטליכע־ערליי וויזיטען.

די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט דאַרף מען לעגען אויף דער ערשטער וויזיט. מען דאַרף זיך בעמיהען ווי ווייט מעגליך זיך גוט און שעהן צו פּרעזענטירען אויף דעם ערשטען וויזיט, ווען מען קומט אין א הויז, אין וועלכען מען איז נאָך נישט געוועזן. דער איינדרוק, וואָס מען לאָזט איבער נאָך זיך פון ערשטען וויזיט, האָט א דעצידירענדען איינפלוס אויף דער ווייטערדיגער געשטאַלטונג פון די בעציהונגען מיט די בעלי־בתים.

מיט א ערשטען וויזיט דאַרף מען זיין זעהר פּאָרזיכטיג, מע־ דאַרף האָבען די פולע זיכערהייט, אז מען וועט ווערען גוט־געזעהן. מיט א ערשטען וויזיט זאָל מען קיינמאָל נישט קומען פון איי־

גענער איניציאַטיוו, נאָר מען דאַרף ווערען געבעטען. געוועגליך דאַרף דאָס פּאַרקומען אויף דעם אופן, אַז מען בעקענט זיך ערגיץ אויף אַ נייטראַלען באָדען, אין וואַגאָן, אויף זומער-וואָהנונג, ביי געמיינזאַמע פריינד, צי ביי דער אַרבייט. אויב מען וואונשט זיך צו דערהאַלטען מיט אַ פּערזאָן נעהנטערע בעקאַנטשאַפט, בעט מען צו מאַכען אונז אַ וויזיט.

אַ יונג פּאָרפאָלק נאָך דער חתונה מאַכט וויזיטען ביי אַלע, וואָס זענען געוועזען אויף דער חתונה און האָבען געגעבען מתנות, ווי אויך ביי אַלע, וואָס זענען געוועזען אין גוטע בעציהונגען פאַר דער חתונה מיט איהר און איהר מאַן.

איבערהויפּט בעקענט מען זיך איצט אויף זומער-וואָהנונג און אויף פערוויילונגען ביי פריינד. דער ערשטער וויזיט איז געוועהנליך דער אָנהויב פון אַ לאַנג-דויערענדע פריינדשאַפט, אָדער דאָס ווערט באַלד איבערגעריסען.

דער ערשטער וויזיט דאַרף נישט דויערען לענגער פון אַ האַלבע שעה. אויב די ווירטין פון דער היים בעט דורכאויס, קען מען פערבלייבען עטוואָס לענגער, אָבער מען זאָל אויפ'ן ערשטען וויזיט נישט זיין לענגער פון איין שעה. ביים אוועקגעהן דאַרף מען איינלאַדען די ווירטין מיט'ן מאַן אויף אַ וויזיט צו זיך. געוועהנליך דאַרף מען דאָס זאָגען מיט די ווערטער: איך אָדער מיר האָפען אייך צו זעהן ביי אונז אין גיכען. דערביי דאַרף מען באַלד זאָגען, אין וועלכע טעג און אָוועגדען מען איז אין דער היים. אַ געגענוויזיט דאַרף מען אָבגעבען אין פערלויף פון העכסטענס 7 טעג. אויב מען גיט נישט אָב דעם וויזיט אין פערלויף פון די טעג, איז עס נישט העפליך און מען דאַרף זיך פערענטפערען. אויב נאָך אַלעם קומט מען נישט אָבגעבען דעם וויזיט, קען דאָס הייסען, אַז די בעציהונגען זענען געוואָרען איבערגעריסען. אין אזא פאַל דאַרף מען מעהר נישט געהען צו אזעלכע מיט ווייטערדיגע וויזיטען.

מען דאַרף האַלטען פאַר אַ פרינציפּ, אַז דעם ערשטען וויזיט מאַכען יונגערע מענשען. אויב מען איז אין זעלבען עלטער, דאַרפען דעם וויזיט מאַכען די, וואָס האָבען שפּעטער חתונה געהאַט.

און דעם צווייטען פרינציפּ דאַרף מען גוט געדענקען, אַז נאָכ'ן

ערשטען וויזיט, דאַרף מען נישט קומען מיט קיין צווייטען וויזיט פריהער, ווי מען קומט נישט אָבגעבען צוריק אַ וויזיט.

פאַרהאַן נאָך אַ סאָרט וויזיטען, דאָס איז דאַנקבאַרקייטס-וויזיט. אויב עמיצער טהוט אַ גרויסע טובה, אַ פּערזענליכע אָדער געשעפטליכע, אָדער מען ראַטעוועט אַרויס פון אַ שווערע סיטואַציע, דעמאָלט דאַרף מען אָבגעבען אַ וויזיט און דאַנקען פאַר דער טובה. אַזאַ וויזיט טאָר נישט דויערען לענגער, ווי 15—20 מינוט. אויב די דאָזיגע פּערזאָן גיעט-אָב אַ וויזיט, דאַן הייסט עס, אַז עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ פריינדשאַפט.

ווען מען קומט מיט אַ ערשטען וויזיט צו פריינד און בעקאַנטע, דאַרף מען נישט מיטברענגען קיין מתנות, בלומען אָדער שאָקאָלאַד. דאָס קען מען טהון נאָר ביי ווייטערדיגע וויזיטען. ווען עס איז דאָ דערויף אַ געלעגענהייט, צום ביישפּיעל נאָמענס-טאָג פון אַ קינד אָדער פון די ווירטין.

אַ חתן דאַרף נישט מאַכען קיין וויזיטען ביי די פאַמיליען-פּערזאָנען פון זיין כלה, און פערקעהרט אויך נישט. אַ חתן קען קומען נאָר צו די עלטערען פון דער כלה און די כלה צו די עלטערען פון חתן. אַלע איבעריגע קרובים אפילו מען קען זיי פונדערווייטענס, דאַרף מען קיין וויזיטען נישט אָבשטאַטען. אַ אויסנאַהם איז געוועהנליך, אויב מען קען זיך מיט זיי זעהר נאָהנט.

מען זאָל קיינמאָל נישט געהן מיט אַ וויזיט צו אַ פאַמיליע, וועלכע מען קען אַבסאָלוט נישט. פאַרהאַן מענשען, וואָס האָבען אַ געוואָהנהייט מיטצונעמען מיט זיך זייערע בעקאַנטע, ווען זיי געהען צו געסט. דאָס איז נישט בעקוועם פאַר אַלע צדדים, די ווירטין פיהלט זיך אונבעקוועם, וואָס מען האָט איהר געבּרענגט אין שטוב אריין אַ אונבעקאַנטען גאַסט, עס קען דאָך טרעפען אַמאָל, אַז זי פיהלט זיך קרעמפּירט פאַר אונבעקאַנטע, אַז זי איז נישט אין דער געהעריגער שטימונג. דאָס זעלבע איז דער אונבעקאַנטער גאַסט אין אַ שלעכטע סיטואַציע.

אויב מען וויל מיטנעמען אַזאַ בעקאַנטען גאַסט, זאָל מען פריהער אָנפרעגען די ווירטין פון דער היים, זי דאַרף זיין דערצו צוגעגרייט מיט עטליכע ווערטער, וועגען די פּערזאָן פון דעם אונ-

בעקאַנטען גאַסט, דעמאָלט וועט זי שוין נישט זיין אין קיין נאַרישע סיטואַציע, און דער גאַסט וועט זיך בעסער פיהלען.

אויב אַ פרוי קומט מיט אַ ערשטען וויזיט צו אַ פרוי, איז עס שענער און אנגענעמער צו קומען בענוי אַ שעה נאָכ'ן מיטאָג, צום ביישפיעל ארום 5 אזייגער, זי קען זיצען אין זאַל און פלוידערין אין איהר אויבער-קליידונג און קאַפעליוש, דער אויבער-מאַנטעל דאַרף זיין אויפגעשפּילעט; אויב זי איז געקומען איינגערעגנט אָדער איינגעשנעעט, מוז מען שוין דעם מאַנטעל אויסטהון. אויף אַזאַ וויזיט דאַרף מען מכבד זיין העכסטענס מיט טשעקאָלאַדקעס אָדער קאַרמעלען, אין זעלטענע פאַלען אויך מיט טהיי, נישט מעהר.

פון אַזאַ וויזיט דאַרף מען אוועקגעהען נישט שפּעטער פון 7 אזייגער. נאָך אַזאַ ערשטען וויזיט, דאַרף דער גאַסט איינלאַדען צו זיך די ווירטין מיט אַ וויזיט.

מען דאַרף קיינמאָל נישט געהען מיט אַ וויזיט צו אַ פאַמיליע, אויב מען קען בלויז דעם מאַן און נישט די ווירטין פון הויז. אויב צוויי מענער זענען בעקאַנט דורך זייערע געשעפטליכע פערבינדונגען אָדער פון דער אַרבייט, דאַרף מען נאָך נישט אָבשטאַטען זיך קיין וויזיטען, אויב מען קען נישט די פרויען. אויב מען וויל זיך נעהנטער בעפריינדען און אָנהויבען פערברענגען געמיינזאַם, דאַרף מען צום ערשטען זיך בעמיהען צו בעקענען זיך מיט די פרויען אויף אַ נייטראַ-לען באָדען. מען קען אַ שטייגער זיך צוזאַמענטרעפען אין אַ קאַפע, אין אַ רעסטאָראַן און דאָרטען געמיינזאַם זיך בעקענען מיט די פרויען און נאַכהער קען מען פערבעטען אויף וויזיטען אָדער אויפ-נאַהמעס. דאָס בעקענען זיך קען אויך פאָרקומען ביי אַ אַנדערע געלעגענהייט, ווי אַזוי עס איז בעקוועמער.

ווען מען קומט אין אַ פּריוואַטע וואָהנונג אין אַ געשעפט-ליכע אָנגעלעגענהייט, הייסט דאָס נישט קיין וויזיט, אפילו ווען דאָס איז אַ נאָהנטער פריינד. די ווירטין פון הויז, קען זיך דער-מיט נישט פעראינטערעסירען. אויב זי קען נישט די פערזאָן, וואָס איז געקומען צום מאַן, קען זי אַרויסווייזען אַ פאָלשטענדיגע גלייכ-גילטיגקייט. דער ווירט פון דער וואָהנונג, איז אין אַזאַ פאַל נישט פערפליכטעט פאָרצושטעלען זיין פרוי פאַר'ן אָנקומענדען פריינד.

נאָר אויב עס שאפט זיך אַ סיטואַציע, וואָס פאָדערט צו בעקענען די פרוי מיט דעם פריינד, קען דאָס געמאַכט ווערן פאָרמעל און טריקען. די פרוי דאַרף נישט שטעלן קיין טהיי, זי דאַרף נישט רעדן וועגן פריוואַטע אַנגעלעגנהייטן. אויב מען וויל מיט דער פּערזאָן אריינטרעטן אין פריינדשאַפטליכע בעציהונגען, קען מען נאָר ביי דער געלעגנהייט איהם איינלאַדען צו קומען מיט אַ וויזיט.

אויב דער גאַסט האָט אַ פרוי, דאַרף ער דערביי בעמערקען, אַז ער וועט זיך בעמיהען צו בעקענען די ווירטין מיט זיין פרוי און זיי וועלען דאַן קומען מיט אַ וויזיט. צו קומען מיט אַ וויזיט אליין אָהן דער פרוי, איז זעהר נישט שעהן. דאָס איז איינפאַך ברוטאַל.

## ווי אַזוי נעמט מען אויף געסט און ווי אַזוי אָרדענט מען איין אויפנאַהמעס?

אין יעדער הויז ווערט איצט געמאַכט אויפנאַהמעס, איין פאַמיליע אָרדענט דאָס איין אָפטער, אַנדערע זעלטענער, אָבער עס איז געוואָרען אַ זעלטענע ערשיינונג, אַפילו ביי מיטעלמעסיגע פאַמיליעס איינצולאַדען צו זיך געסט פון צייט-צו-צייט. יעדע פאַמיליע מאַכט די אויפנאַהמעס אויף אַ אַנדערען שטייגער, דאָס איז אָבהענגיג פון פערמעגונגס-צושטאַנד; רייכערע מאַכען גרויסאַרטיגער, שענער, מיטעלמעסיגע מאַכען די אויפנאַהמעס בעשיידענער.

מיר מוזען אָבער דאָ פעסטשטעלען, אַז די שענקייט און די גוטע שטימונג פון דער פערוויילונג, איז אַבסאָלוט נישט אָבהענגיג פון דער רייכער אָדער בעשיידענער אויפנאַהמע. דאָס איינאָרדענען אַ אויפנאַהמע שעהן, אַז די געסט זאָלען זיך אַנגענעהם פערוויילען און זאָלען אַ לאַנגע צייט דאָס געדענקען, איז אַ קונסט. מען דאַרף דאָס קענען.

דאָס איז נישט שווער צו קענען; מען דאַרף נאָר בעזיצען אַ קליין ביסעלע גוסט און אַ גרויסע פּאָרציע העפליכקייט.

דאָס איינפאַכסטע איז איינצואָרדענען אַ „פייף-אָקלאָק-טהי“. דאָס איז אַ ענגלישער אויסדרוק, וואָס וועט אויף יודיש הייסען אַ

טהיי-אויפנאהמע צו 5 אזייגער. דאָס נעמט זיך פון דער פּאָפּולערער געוואָהנהייט אין ענגלאנד, נאָך מיטאָג צו איינלאדען געסט אויף טהיי מיט טאָרט. דער מנהג פון „פייף-אָקלאָק-טהיי" איז איינגע-פיהרט געוואָרען אין גאנץ אייראָפּא, און ווערט איינגעאָרדענט אין אַלע גרויסארטיגע האָטעל-רעסטאָראנען, קאפעס און אין פּריוואטע הייזער.

דאָס איינאָרדענען אזאַ טהיי-אויפנאהמע איז זעהר איינפאַך און קען ווערען געמאכט זעהר גרויס-ארטיג און העכסט בעשיידען.

אזאַ טהיי-אויפנאהמע קען מען איינאָרדענען אויך אין אָווענד.

ווייל אַ טהיי-אויפנאהמע קען מען איינאָרדענען פאַר ביליג און טהייער, קענען דאָס זיך פערגינען אַלע, אָהן אויסנאַהם. די הער-שאַפטען דארפען נאָר זיך בעמיהען מיט זייער העפליכקייט און איבערגעגעבענהייט צו פערפאָלקאָמענען די אויפנאהמע.

אײדער די געסט קומען דאַרף די ווירטין צוגרייטען אַלץ, וואָס זי וויל דערלאנגען די געסט, דאָס דאַרף שטעהען אין קרע-דענס, אָדער אין אַ בעזונדער צימער, גרייט סערווירט און אויסגע-טיילט אויף טעלער, קלאָשען און טאצען.

נאָך אײדער די געסט קומען, דאַרף דער טיש ווערען בעדעקט מיט אַ טהיי-טישטוך. עס איז שעהן ווען אויפ'ן טיש שטעהט אַ וואזאָן מיט בלומען אָדער גרינוואַרג. עס איז זעהר לעבערליך צו שטעלען אויפ'ן טיש קינסטליכע בלומען.

---

אויפ'ן טיש דאַרף ווערען אויסגעשטעלט אין אַ רייה, לענג-אויס דעם טיש, צוקערוואַרג, אַלזאָ שאָקאָלאַד און קאַרמעלען, אויף בעזונדערע טאצען דאַרף ליגען לוקסוס-געבעקס צו די טהיי, ווי „טשאַסטקעס" אָדער טאָרט, און אין קלאָשען פרוכטען. מען דאַרף נישט פערגעסען צו שטעלען סערוועטלעך.

דאָס צוקערוואַרג דאַרף ליגען אין האַלב-טיעפע כלים פון פּלאַטיר, קרישטאַל אָדער פּאָרצעלאַן, דאָס געבעקס מוז ליגען אויף פּאַלשטענדיג פלאכע כלים פון גלאָז אָדער פּאָרצעלאַן, די פרוכטען אונבעדינגט אין טיעפע כלים, זיי מעגען זיין הויכע אויף פיס, קלאָשען א. ד. ג. פון קרישטאַל, פּאָרצעלאַן, פּלאַטיר אָדער גלאָז.

דאָס אַלץ מוז זיין אַזוי צושטעלט, אַז יעדער גאַסט זאָל קענען דער-צו דערלאַנגען.

עס פערשטעהט זיך, אַז די פאַמיליע, וואָס וויל מאַכען אַ רייכע טהיי-אויפנאַהמע, האָט די געלעגענהייט צו שטעלען טייערע פּרוכטען, אַ סך שאָקאָלאַד און דאָס גלייכען. די פאַמיליע, וואָס מוז זיין בעשיידען, קען זיך בעגנוגענען מיט טאָג-טעגליכע פּרוכטען.

אויב עס איז פאַרהאַן אַ גרעסערע צאָהל געסט, זאָלען מינ-דעסטענס צוויי פערזאָן סערווירען די טהיי, יעדער אין אַ אַנדער זייט, כדי איין טייל געסט זאָל נישט דאַרפען צולאַנג וואַרטען.

ביי יעדען פּלאַץ דאַרף זיין אַוועקגעשטעלט אַ טעלערל אויף צו לעגען אַוועק דאָס געבעקס, מיט אַ בעזונדער לעפעלע אויף צו שניידען דאָס געבעקס צום מויל.

ווען מען הערט-אויף צו טרינקען די טהיי, זאָל מען גלייך אַראָבנעמען די גלעזער און טעלערלעך און אַוועקשטעלען ביי יעדען גאַסט אַ טעלערל מיט אַ מעסער אויף פּרוכטען. מען דאַרף נישט לעגען די אַלטמאָדישע טעמפּע מעסערלעך, נאָר מעסערס, וואָס זאָלען קענען שניידען.

די ווירטין דאַרף נישט פערגעסען צו שטעלען אויפ'ן טיש בעזונדער טעלערס אויף צו לעגען די שאָלען און אָבפאַלעכטס פון די פּרוכטען. דערויף איז נישטאָ קיין אָרט אויף די קליינע טעלער-לעך, וועלכע דאַרפען דינען נאָר צום לעגען די פּרוכט, וואָס מען עסט. די געסט זאָלען די שאָלען און אָבפאַלעכטס נישט לעגען אויפ'ן טיישטוך און נישט אויף אַ טעלער, וואָס ווערט בענוצט צו אַנדערע צוועקען.

אויב די טהיי-אויפנאַהמע קומט-פאָר בייטאָג, איז דערמיט געענדיגט. די געסט קענען נאָך פערברענגען, ביי פּלוידערען, זיי קענען זיך אויפשטעלען און אַריינגעהן אין אַ צווייטען צימער נאָך צו פערברענגען ביי מוזיק אָדער קאָרטען, מען קען אויך בלייבען ביים זעלבען טיש.

אויב די אויפנאַהמע קומט-פאָר אין אָוועגד, איז אויך דאָס זעלבע. עס קען זיין דערמיט געענדיגט. אין אָוועגד קען מען די טהיי-אויפנאַהמע פערציהען לענגער.

נאָר אויב מען וויל, קען מען נאָך די אויפנאַהמע פערלענגערן מיט אַ קליינעם אָווענד-ברויט.

דעמאָלט דאַרף מען אַלעס אַראָבנעמען פון טיש, לעגען אַ אַנדער טישטוך, צוריקשטעלען די פּרוכטען און סערוועטלעך, און אַוועקשטעלען געהרויכערט פלייש אויף פלאַכע פּאָרצעלאַנענע טעלערס, און אויף בעזונדערע טעלערס צושניטען ברויט אָדער ווייס-געבעקס.

פאַר יעדען גאַסט דאַרף מען אַוועקשטעלען אַ פלאַכען טעלער מיט גאָפּעל-מעסער. דעם גאָפּעל פון דער לינקער זייט טעלער און דאָס מעסער פון דער רעכטער זייט טעלער. באַלד דערנאָך דאַרף מען סערווירען טהיי, און די ווירטין דאַרף ערמונטערן די געסט צו נעמען געבעקס מיט געריכערט פלייש און זיך מאַכען „פּוטער-שניטען".

די ווירטין קען אויך איינשפּאָרען די געסט די אַרבייט פון מאַכען פּוטערשניטען און שטעלען אויפ'ן טיש פערטיגע פּוטער-שניטען פון ברויט, חלה בעדעקט מיט געריכערט פלייש.

מען קען אַזאַ אויפנאַהמע נישט מאַכען מיט פיש אַנשטאָט פלייש, אַז מען סערווירט פיש, מוז מען נאָכדעם אויך סערווירען פלייש, זאַגאַר געריכערט פלייש, אָדער פּוטערשניטען מיט פלייש.

דאַנגענען קען מען פאַר די פליישיגע פּוטערשניטען יאָ דער-לאַנגען סערדינען, וועלכע קענען ווערען געמאַכט אויך ווי פּוטער-שניטען מיט סערדינען, אָדער אַוועקצושטעלען די סערדינען אויף טעלערלעך און די געסט זאָלען זיך אַליין מאַכען די פּוטערשניטען. און נאָך די סאַרדינען אָדער הערינג קאָן מען שטעלען די טהיי מיט פלייש-פּוטערשניטען.

שענער און בעסער איז, ווען מען פערשפּאָרט די געסט צו מאַכען זיך אַליין פּוטערשניטען, און מען שטעלט פערטיגערהייט.

נאָך דעם אָווענד-ברויט שטעלט מען צוריק אויפ'ן טיש די פרוכטען און צוקערוואַרג.

אויף אַ וויכטיגען פּרינציפּ ווילען מיר אָנווייזען אַלע ווירטינס; בשום-אופן זאָלען זיי נישט בעדיענען די געסט מיט שיילען די פרוכטען, דאָס קענען זיך טהון די געסט אַליין, די ווירטין

דאַרף אין דעם הינזיכט נישט מאַכען קיין שום אויסנאַהמען, אפילו פאַר גוטע בעקאַנטע, פאַר פריינדינס, מיט איין וואָרט — די ווירטין שיילט נישט קיין פּראָכטען.

אין אַלגעמיין דאַרפען זיך אַבגעוויינען די פרויען פון דער אַרט לייסטונג. דאָס קען זיך ערלויבען נאָר אַ פרוי פאַר איהר מאַן, אָדער אַ זעהר נאָהנטע ליעבע פריינדין. עס וועט זיין זעהר שלעכט, ווען די ווירטין וועט פרעגען אַ גאַסט, צי ער וויל, זי זאָל איהם אַבשיילען די פּרוכט, מען שטעלט דערמיט דעם גאַסט אין אַ פערלעגענהייט און זעהר אָפט שאַפט זיך אַ שלעכטע סיטואַציע.

איצט אַ פּאָר אָנווייזונגען, וועגען אַ גרעסערע, פייערליכע אויפנאַהמע, אָדער וועגען אַ באַל.

אַזאַ באַל-אויפנאַהמע איז שוין מעהר קאָמפּליצירט און די הערשאַפטען מוזען זיך גוט צוגרייטען פריהער. אַזאַ באַל-אויפנאַהמע דאַרף מען גוט אָרגאַניזירען און צוטראַכטען אַלע קליינינ-קייטען, כדי מען זאָל נישט האָבען שפּעטער קיין פערדרוס. מען דאַרף בעשטימען ווענען איינצולאַדען, צונויפשטעלען אַ מעניו פון מאָהלצייט, און מען דאַרף זיך אָבשטעלען אויף דער אָרדנונג, ווי אַזוי אויסצוזעצען די געסט.

מיט'ן איינלאַדען געסט אויף אַ באַל-אויפנאַהמע דאַרף מען זיין ספּעציעל אויסקלויבעריש. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די געזעלשאַפט זאָל זיין צוגעפּאַסט, יעדע פּערזאָן זאָל האָבען איינינע בעקאַנטע, מיט וועלכע זי זאָל פערברענגען. מען דאַרף נישט איינ-לאַדען אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס מיט זייער לעבענס-שטייגער, פיה-רונג און אויפפאַסונג זענען זיי אין אַ גרויסען קאָנטראַסט צו די איבעריגע געסט, מען דאַרף אויך נישט איינלאַדען פּערזאָנען, וועלכע קענען מאַכען אַ שלעכטען איינדרוק אויף דער געזעלשאַפט

מען דאַרף זיך בעמיהען, אַז די געסט פאַר אַ באַל-אויפנאַהמע זאָלען זיין אַזוי צונויפגעקליבען, אַז די שטימונג זאָל זיין אַ היי-טערע, אַ אָנגענעהמע און אַלע צוזאַמען זאָלען קענען געמיינזאַם פערברענגען.

אויף נאָך איין וויכטיגען פּרינציפּ ווילען מיר דאָ אָנווייזען: דאָס טרעפט זיך מייסטענס אין די גרעסערע שטעדט, אַז

די פריינד און בעקאַנטע, מיט וועלכע מען איז אין בעציהונג צו־ליעב געשעפטליכע אָדער געזעלשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען, זענען פון אַ גאַנץ אַנדערע ספּערע, ווי די אייגענע נאָהנטע קרובים און פערוואַנדטע.

מיר ראַטען דעריבער אַזעלכע באַל-אויפנאַהמעס איינצואָר־דנען אויף אַזאַ אופן, אַז די טישען זאָלען ווערען אַזוי געשטעלט, אַז יעדע קאַטעגאָריע געסט זאָלען זיצען צוזאַמען, יעדער זאָל האָבען נעבען זיך אַ באַקאַנטען ,אַ פריינד.

בכלל איז דאָס אויסזעצען די געסט איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאַבעס פון די ערשאַפטען, אָבער דערין דאַרפען מיטהעלפען די געסט אַליין.

אויב די געסט ווערען איינגעלאַדען אויף אַ בעשטימטע שעה, דאַרף יעדער זיך בעמיהען צו קומען פונקטליך צו דער צייט. מען טאָר בשום אופן זיך נישט פערשפּעטיגען לענגער ווי 10—15 מינוט.

אויב מען ריכט זיך אויף אַ גרויסער צאָהל געסט, איז עס גוט און בעקוועם פריהער איינצוטיילען די פּלעצער, אויף אַזאַ אופן, אַז ביי יעדען פּלאַץ, זאָל ליגען אַ קליין קאַרטעל. די גרויס פון אַ וויזיט-קאַרטע, מיט'ן נאָמען פון גאַסט. אויב דאָס ווערט נישט געטהון, איז גוט, ווען די ווירטין אָדער ווירט ווייזט-אָן יעדען גאַסט אַ פּלאַץ צום זיצען.

פאַרהאַן אָפּט-מאָל פּאַלען, וואָס די הויז-ווירטין איז נישט אומשטאַנד אָנצוווייזען אַלע געסט די פּלעצער, דעמאָלט דאַרף יע־דער גאַסט אַליין זיך אויסוועהלען אַ פּלאַץ, אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל אויסקומען צו זיצען צווישען בעקאַנטע, אָדער געגענאיבער בעקאַנטע.

אָבער אפילו ווען עס קומט-אויס צו האָבען אין איין זייט אַ אונבעקאַנטע, איז עס נישט קיין שטערונג, די ווירטין דאַרף זיך בעמיהען אין דער ערשטער רייהע צו בעקענען די געסט מיט די, וואָס זיצען נעבען זיי, אויב די ווירטין אָדער ווירט פער־זעהט דאָס, דאַרף מען אַליין זיך בעקענען. היינט איז דאָס נישט שווער, געלעגענהייטען זענען פאַרהאַן אַ סך, בפרט, אַז עס זענען פאַרהאַן פיעל געמיינזאַמע בעקאַנטע, וועלכע קענען דינען אַלס

מיטעל צום אָנפאַנגען אַ געשפּרעך. יעדענפאַלס קען מען דאָס מאַכען זעהר איינפאַך, און זיך פאָרשטעלען, צום ביישפּיעל מיט די ווערטער: אויב דאָס איז אַ מאַנספּערזאָן צו אַ פרוי: „איך וועל זיין צופריעדען צו בעקענען זיך מיט מיין שכנ'טע ביים טיש". אָדער: „איך בין גליקליך, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זיצען נעבען אייך, מיין נאָמען איז..."

די געסט דאַרפען פערלייכטערען דאָס בעקאַנען זיך, אויב די ווירטין איז בעשעפטיגט. אַ גאַסט, וואָס זיצט נעבען צוויי נעבען-זיצענדע געסט, וועלכע קענען זיך נישט און ער קאָן זיי ביידען, דאַרף ער זיי בעקאַנען.

מיט'ן אויסזעצען די געסט, דאַרף מען זיך בעמיהען קיינעם נישט צו בעליידיגען. פאַרהאַן מענשען, וואָס מיינען, אַז אויב מען זיצט נישט נאָהנט צום אויבען-אָן, איז דאָס אַ שטיקעל בע-ליידיגונג. היינטיגע צייטען דאַרף מען זיך דערמיט נישט רעכענען. די ווירטין און דער ווירט דאַרפען צו אַלע געסט אַרויסווייזען אַ גלייכע פריינדשאַפטליכע בעציהונג און דער פּלאַץ דאַרף ביי קיינעם נישט שפּיעלען קיין ראָל.

עלטערע פּערזאָנען קען מען זעצען אויבען-אָן. כדי דער אויבען-אָן זאָל זיין וואָס גרעסער, און עס זאָלען פאָרט זיך נישט געפינען קיין בעליידיגענדע פּערזאָנען, זאָל מען דעם אויבען-אָן נישט מאַכען ביי אַ עק-טיש, נאָר אין סאַמע מיטען טיש. דאָרטען דאַרף מען אַוועקזעצען איינציגע עלטערע אָנגעזעהענע געסט, מיט אַזאַ אויבען-אָן ווערט ערלעדיגט די פראַגע פון די עהרען-פּלעצער, ווארום דער גאַנצער טיש קומט-אויס נאָהנט צום אויבען-אָן.

ביי אַ באַל-אויפנאַהמע פון אַ קלענערע צאָהל געסט, זיצט די ווירטין און דער מאַן ביים טיש, אויבען-אָן, אַלזאָ אין מיטען טיש, ביי אַ גרעסערע צאָהל געסט, איז עס בעסער, ווען זיי אָבסער-ווירען, אַז די געסט זאָלען ווערען גוט בעדיענט. ווען די געסט פער-לאַנגען, דאַרפען די בעלי-בתים זיך העגען זעצען צום טיש, ציליעב דעם דאַרפען זיי האָבען רעזערווירטע פּלעצער.

נעבען די פּלעצער, וואָס זענען רעזערווירט פאַר די ווירטין און ווירט, דאַרפען זיך זעצען די אָנגעזעהענע און עלטערע געסט

עס איז נישט דערלאַזבאַר, אַז מאַן און ווייב פון די געסט זאָלען זיצען צוזאַמען נעבען זיך, מען דאַרף אַזוי איינאָרדענען, אַז נעבען יעדער פרוי זאָל זיצען אַ בעקאַנטער מאַנספּערזאָן, וועלכער איז אין פריינדשאַפטליכע בעציהונגען מיט איהר מאַן. עס דאַרפען אויך נישט זיצען נעבען זיך אין שכנות מוטער און טאָכטער אָדער זוהן, נאָר אויף פערשיעדענע ערטער צוזעצט.

ביים אויסזעצען די געסט, קען די ווירטין זיך ערלויבען צו מאַכען פּאָליטיק. עס טרעפט דאָך אָפט, אַז מען האָט אַ ציעל ספּעציעל צו בעפריינדען אַ פּאָרעל, אָדער מען וויל איינשטעלען בעסערע בעציהונגען צווישען פערזאָנען, וועלכע מען האָט אַ אינטע־רעס צו דערנעהנטערען. דעמאָלט קען די ווירטין ספּעציעל רע־זערווירען אַ פּלאַץ, פּערלעגען די שטוהל, זי זאָל וואַרטען, ביז די פּערזאָן קומט־אָן. דאָס דאַרף מען מאַכען דיסקרעט, אַז דאָס זאָל זיך נישט וואַרפען צופיעל אין די אויגען.

עס איז אונמעגליך דאָ אויף דעם אָרט צו מאַכען גענויע אָנווייזונגען, וועגען די צאָהל געריכטסען און די סאָרטען. יעדע ווירטין קען זיך אָריענטירען מעהר־ווענינער לויט איהרע מעגליכ־קייטען און ווילען. מיר וועלען נאָר אָנווייזען די אַלגעמיינע פּרינ־ציפּען פון אַ מאָהלצייט אויף אַ באַל־אויפנאַהמע. יעדע פאַמיליע דאַרף דערהויפּט זיך בעמיהען צו מאַכען דאָס מאָהלצייט נאָר לויט איהרע מאַטעריעלע מעגליכקייטען.

דאָס ערשטע דאַרף מען וויסען, אַז עס איז פיעל גלייכער צו מאַכען אַ קלענערען מעניו און יעדע זאַך זאָל ווערען שעהן און אנשטענדיג דערלאַנגט, איידער צו מאַכען אַ גרויסען מעניו און פון יעדען זאָל מען געבען אַ שמעק. עס זענען נעמליך פאַראַן ווירטינס, וואָס מיינען, אַז עס וועט זיין „גרויסאַרטיג שעהן" צו מאַכען אַ מעניו פון גאַנצע 5 געריכטסען, און נישט האָבענדיג די מעגליכ־קייט דערצו, קומען אַרויס די געריכטסען לעבערליך, קליין, קנאַפּ אָדער נישט אַרטיג־שעהן.

דאָס מאָהלצייט קען בעשטעהן פון 3 געריכטסען אָדער פון 5 געריכטסען, דאָס מאָהלצייט קען זיין בעשיידען, מיטעלמעסיג און רייך.

א בעשיידען מאַהלצייט אויף א באַל-אויפנאַהמע קען בע־שטעהן פון צובייסען, א שטייגער געבעקס מיט הערינג, סערדינען, פיש-מאַרינאַט. א זופ, א פלייש, קאָמפּאָט.

א מיטעלמעסיג מאַהלצייט קען זיין פון פיש, א זופ, פלייש, קאָמפּאָט און פרוכטען.

א רייך מאַהלצייט קען זיין פון צובייסעכץ, ווי סאַרדינען, הערינג, לאַסאַש (געוויכערטער לאַקס), פיש, פלייש, קאָמפּאָט, טהיי מיט טאָרט און פרוכטען.

ליקער, וויין און געטראַנקען איז לויט מעגליכקייט און לויט דער סיטואַציע.

אויף א באַל-אויפנאַהמע דאַרף מען אויסמיידען פון אָנגריי־טען געהאַקטע פיש און געהאַקט פלייש. אמבעסטען איז אָנצוגריי־טען וויים-פלייש, געפליגעל, אָדער פערטיג געוויכערטע פליישען.

אויב מען סערווירט געטראַנקען: דאַרף מען פאַרן עסען סער־ווירען דעם טיש מיט ליקער און קאָניאַק, אויב מען שטעלט אויך וויין, דאַרף מען דעם וויין אָנהויבען בענוצען נאָך די פיש.

דאָס סערווירען דעם טיש אויף אזא גרויסאַרטיגע אויפ־נאַהמע, דאַרף ווערען געמאַכט מיט געשמאַק. צום שענסטען איז, אז איידער די געסט קומען-אָן, זאָל דער טיש ווערען סערווירט אויף דעם אופן: לענג-אויס דעם טיש, אין מיטען, זאָלען שטעהן די פרוכטען, געטראַנקען, געבעקס, און אביסעל בלומען אין וואַזאָנען. נישט צופיעל בלומען, דאָס זאָל נישט שטערען די געסט צו רעדען צווישען זיך פון אַנטקעגענאַיבער. ביי יעדענס פלאַץ זאָל זיין בער־ווירט טעלער און בעשטעק. נעבען די טעלער זאָל זיין צוגעגרייט דאָס „צובייסען".

אויב מען האָט מעהרערע צימערן, איז גוט, אז די געסט זאמלען זיך צונויף אין איין צימער, בעת אין אנדערען צימער ווע־רען געגרייט די טישען. אין אזא סיטואַציע קען מען די געסט דערווייל בעשעפטיגען מיט געשפרעכען, מכבד זיין מיט טשעקאָ־לאַדקעס און קאַרמעלען.

אויב מען האָט נישט אזא געלעגענהייט, און די געסט מוזען זיך אויפזאמלען אין די זעלבע צימערן, וואו עס זענען געגרייט

די טישען, איז געוואונשען, אז מען זאָל די געסט האַלטען אין אַזאַ פּאָזיציע, וואָס זאָל הייסען, אז מען זיצט נאָך נישט ביים מאָהל־צייט, טייל געסט קענען זיצען פריי, טייל קענען שטעהען, אַנדערע קענען בעקוקען די צימערן, בילדער, און מען דאַרף זיך בעמיהען זיי צו פעראינטערעסירען מיט פערשיעדענע זאַכען, און מיט־טשקאַלאַדקעס.

עס איז פאַרהאַן אַ גאַנצע רייה קליינינגקייטען, וואָס אויב מען לעגט נישט אויף זיי קיין אויפמערקזאַמקייט, ווערט די שענסטע און עלעגאַנטסטע אויפנאַהמע געשטערט און עס שאַפט זיך אַ שלעכטע שטימונג, עס שאַפט זיך אַ איינדרוק, אַז די ווירטין פערשטעהט נישט, ווי אַזוי אויפצונעמען די געסט און ווי אַזוי זיי צו בעהאַנדלען. און פערקעהרט ווידער, אויב מען היט־אָב די קליינינגקייטען, מאַכט דאָס אַ זעלטענעם איינדרוק, ווענען דער גוטער און קלוגער טאַקטיק פון דער ווירטין. מיר וועלען דאָ אויסרעכענען נאָר איינינגע פון די קליינינגקייטען.

די ווירטין דאַרף אינפאָרמירען דער דינערישאַפט אָדער קעלנער, ווי אַזוי זיי זאָלען סערווירען, ביי וועמען אָנצוהויבען און ווי אַזוי אין וועלכער ריכטונג צו געהן מיט׳ן סדר. מען דאַרף נעמען זיך אין זינען אַריין, אַז עס זענען פאַרהאַן פערזאָנען, וואָס קענען זיך בעליידיגען, אויב מען דערלאַנגט זיי צום סוף, אַנדערע ווידער אינטערעסירט דאָס גאָרנישט און רעכענען דאָס נישט פאַר קיין גרינגשעצונג.

די דינערשאַפט דאַרף אָנהויבען דערלאַנגען פון דעם פּלאַץ, וואו עס זיצט די ווירטין פון דער היים, אָדער די עלטסטע און פאָרנעמסטע פערזאָנען, און פון דאָרטען געהן אַרום און אַרום. אַמבעסטען איז, דאָס מען זאָל אָנהויבען טיילען פון צוויי זייטען. פון איין זייט דאַרף מען געהן צו רעכטס, און פון דער צווייטער זייט צו לינקס.

די צוגאַבען צו יעדען געריכטס דאַרף מען זאָפאָרט דערלאַנגען גלייך מיט׳ן געריכטס. אַז מען דערלאַנגט פיש און מען דאַרף וואַרטען אויפ׳ן „סאָס״, אָדער מען קומט שפּעטער, איז נישט שעהן, גאָר שלעכט איז שוין, ווען מען דערלאַנגט זופּ און מען

דאַרף וואַרטען אויף די „פּאַוואָרקעס" צו דער זופּ, אָדער מען מוז וואַרטען אויף אַ טייל פון געשיר אָדער בעשטעק. דעריבער איז נויטיג, אַז איין פערזאָן דערלאַנגט פיש און אַ צווייטע נעהט באַלד נאָך און דערלאַנגט דעם „סאָס", איין פערזאָן דערלאַנגט פלייש און אַ צווייטער דערלאַננט מאָמענטאַל די געמיזע.

ווען דאָס פלייש איז אויפגעגעסען, זאָל מען אראָבנעמען פון טיש די טעלער, מעסער גאָפּעל-לעפעל און דאָס געבעס מיט די טאַצען דערפון, ווי אויך ווי ווייט מעגליך עטוואָס ריין-מאַכען פון די קריישקעס און ברעקלעך. ערשט נאָכדעם דערלאַנגט מען קאָמפּאָט.

אין דער גאַנצער צייט, וואָס עס דויערט דאָס עסען, דאַר-פען די געסט נישט געניסען פון די פּרוכטען און שאָקאָלאַד. ערשט נאָכ'ן קאָמפּאָט קען מען עסען פרוכטען, טרינקען וויין, אָדער טהיי מיט טאָרט.

צום קאָמפּאָט דאַרף יעדער גאַסט בעקומען אַ לעפעלע מיט אַ קליינעם גאָפּעל, וועלכען מען דאַרף בענוצען אויך צום טאָרט. דאָס לעפעלע דאַרף נאָכ'ן קאָמפּאָט ווערען אויסגעטוישט אויף אַ אַנדערס — צום טאָרט.

ווען דאָס מאָהלצייט איז פערענדיגט, דאַרף די ווירטין זיך אויפשטעלען פון פּלאַץ, אָדער אַ אַנדערע אָנגעזעהענע דאַמע, פון די עלטערע שטעלט זיך אויף, דאָס איז אַ צייכען פאַר די געסט, אַז דאָס מאָהלצייט איז געענדיגט און מען קען אויפשטעהען פון די פּלעצער. קיין שום מאַנספערזאָן דאַרף נישט פריהער אויפשטעהען פון פּלאַץ.

דאָס מאָהלצייט דאַרף זיך רעכענען פאַר געענדיגט נאָכ'ן קאָמפּאָט. די ווייטערדיגע טייל פון דער אויפנאַהמע דאַרף פאָרקו-מען אין אַ פרייער סיטואַציע, דאָס עסען די פרוכטען, דאָס טרינ-קען טהיי מיט טאָרט א. ד. ג. קען שוין פאָרקומען אָהן דער פריהער-דיגער דיסציפּלין. איין טייל געסט קענען עסען פרוכטען, אַנדערע קענען טרינקען וויין, נאָך אַנדערע קענען שטעהען און פּלוידערען.

אויב מען האָט מעהרערע צימערן, קענען די געסט נאָכ'ן קאָמפּאָט זיך צושיטען איבער די צימערן און פערברענגען, ווער

אין געשפּרעכען, ווער ביי קאָרטען, אנדערע מיט שמועסען.

אויב עס איז פאַרהאַן אַ קליינע צאָהל געסט, דאַרף מען ביים אויפשטעהען פון טיש, אויסדריקען דאַנק דער ווירטין, בלויז מיט 2—3 ווערטער. אויב עס זענען פאַרהאַן מעהר געסט, קען מען די אָנערקענונג און דאַנק פאַר די ווירטין אויסדריקען אויף אַ אנדערן אופן, יעדער בעזונדער, ביים געזעגענען זיך, אָדער אין גאַנג פון ווייטערדיגען אָוונד.

---

די ווירטין און דער ווירט פון דער היים דאַרפען וויסען, אַז אויף זייער אויפנאַהמע, געהערען זיי אין אַ גלייכער מאָס צו אַלע געסט, מען דאַרף נישט מאַכען קיין אויסנאַהמען צווישען די איינגעלאַדענע געסט, מיט טייל זיין צופיעל פריינדליך, מיט אנדערע קעלטער. מען דאַרף ווי-ווייט עס איז נאָר מעגליך זיך בעציהען גלייך צו אַלעמען, און דער עיקר זיין צו אַלעמען פריינדליך און אנגענעהם. די ווירטין און דער ווירט דאַרפען האָבען פאַר יעדען אַ שמייכעל, פאַר יעדען אַ פּאָר גוטע ווערטער. עס טאָר נישט ווערען דערלאָזט, אַז דער ווירט, אָדער די ווירטין זאָל פערגעסען צו רעדען מיט עמיצען עטליכע ווערטער, אָדער נישט בעמערקען.

דאָס איז איינס.

צווייטענס, מוז די ווירטין און דער ווירט וויסען, אַז אין דער גאַנצער צייט פון דער אויפנאַהמע, מוז מען זיין אונטערגעוואָרפען די מיינונג און די קאַפּריזען פון די געסט. עס וועט זיין ריכטיג זיך אויסצודריקען, אַז ביי אַ אויפנאַהמע מוז די ווירטין און דער ווירט זיין פערשקלאַפט צו די געסט.

עס וועט זיין גוט צו האָבען אַ פּרינציפּ, אַז ביי אַ אויפנאַהמע האָבען די געסט שטענדיג רעכט, זיי זענען שטענדיג קלוג, און זיי פערשטעהען אַלץ צום בעסטען. נאָר אויב מען האָט דעם פּרינציפּ, איז די שטימונג אויף דער אויפנאַהמע אַ האַרציגע, און אַ לעבהאַפטע.

די ווירטין אָדער דער ווירט דאַרפען קיינמאָל נישט פּראָבירען איבערשפּאַרען זייערם אַ גאַסט, אַלץ איינס, ווענען וואָס עס האַנדעלט זיך, ער דאַרף קיינמאָל נישט בענוצען דעם אויסדרוק:

„דו ביזט נישט געדעכט". די ווירטין אָדער דער ווירט דאַרף קיינ־מאָל נישט אַריינמישען זיך אין אַ דיספּוט צווישען די געסט סיידן צוועק צו געבען איינעם גערעכט, זיי קענען זיך בעטייליגען אין אַ דעבאַטע, אָבער אין אַ איידעלען אופן אַרויסזאָגען זייערס אַ מיינונג, וואָס זאָל אָבער נישט ציעלען צו שטעלען עמיצען פון די געסט אין דער סיטואַציע פון אַ פּערזאָן, וואָס ווייסט נישט אָדער קען נישט. ווען געסט זאָגען אַרויס זייערע מיינונגען, וועגען זאַכען, ערשיינונגען אָדער געשעהענישען, דאַרפען זיי נישט מאַכען בע־מיהונגען צו דעבאַטירען צווישען זיך. יעדער קען זאָגען די אייגענע מיינונג און דערביי נישט בענוצען קיין קאַטעגאָרישען טאָן פון אַ אַלצווייסענדע פּערזאָן. מען דאַרף זיך אויסדריקען מיט די ווערטער: „לויט מיין מיינונג, איז אַזוי..." אָדער „מיר שיינט, אַז אַזוי קען זיין בעסער א. א. וו."

ביי אַ אויפנאַהמע דאַרף די ווירטין זיין אָנגעטהון ספּעציעל פיין. זי דאַרף זאָרגען, אַז מיט איהר טואַלעט זאָל זי נישט שטע־לען אין פּערלעגענהייט די איינגעלאַדענע פרויען. מען דאַרף אין זינען האָבען ווער עס וועט קומען, די ווירטין קען נישט זיין אָנ־געקליידעט ספּעציעל רייך, ווען עס קומען צו איהר בעשיידענ־געקליידעטע געסט, און פערקעהרט, מען קען זיך נישט אָנטהון צו־פיעל בעשיידען אָדער פערנאַכלעסיגט, ווען עס קומען פיין־געקליידעטע פרויען, דאָס קען ווידער ווערען אָנגענומען פאַר אַ בעליידיגונג, אַז די ווירטין רעכענט זיך ווינציג מיט די געסט און האָט נישט געפונען פאַר נויטיג זיך אָנצוטהון פאַר זיי.

אפילו ביי אַ בעשיידענע אויפנאַהמע, מוז די ווירטין זיין פיין־געקליידעט, ביי אַ אָווענד־אויפנאַהמע, אָדער ביי אַ מיטאָג־אויפנאַהמע, מוז די ווירטין זיין אין אַ קלייד פון זייד.

## דאָס בעקאָנען און פאָרשטעלען זיך.

דאָס בעקאָנען און דאָס פאָרשטעלען זיך איז דער ערשטער טריט אויף דעם ברייטען און גרויסען וועג פון פריינדשאַפט. מען דאַרף קענען שטעלען דעם דאָזיגען ערשטען טריט. פאַרהאַן מענ־

שען, וואָס האָבען נישט קיין שום פעהיגקייט זיך צו בעקענען, עס זענען ווידער פאַרהאַן אַנדערע, וואָס זענען בעגאַבט זיך שנעל צו בעקענען מיט פרעמדע פערזאָנען.

דאָס גישט קענען זיך פאָרשטעלען און בעקענען, איז די שלעכטע זייט פון אַ צוריקגעשטאַנענעם מענשען. אַ מאָדערנער מענש, מיט היינט-וועלטיגע אַנשויאונגען דאַרף האָבען גענוג דרייסטקייט און מוט אַריינצוטרעטען אָהן שוועריגקייטען אין בעקאַנטשאַפט מיט מענשען, מיט וועלכע מען טרעפט זיך אויפ'ן לעבענס-וועג.

די ערשטע בעקאַנטשאַפט לאָזט איבער אַ לאַנג-דויערענדען איינדרוק, אָפט האָט דאָס פיעל צו-זאָגען און רעצידירט אויף דעם וויטערדיגען גאַנג פון דער פריינדשאַפט. פונקט ווי עס איז נישט גוט, אַז ביי דער ערשטער בעקאַנטשאַפט ווייזט מען אַרויס אַ נישט-דרייסטקייט, אַ צוריקגעהאַלטענקייט, איז אויך נישט גוט, ווען מען איז שוין צופיעל דרייסט און רעדעוודיג. די ערשטע בעקאַנטשאַפט דאַרף מען קענען האַלטען אין אַ מיטעלמעסיגען צושטאַנד פון לעבהאַפטע פעראינטערעסירונג.

דאָס בעקענען זיך און פאָרשטעלען אַנדערע צווישען זיך, דאַרף מען איינטיילען אין צוויי קאַטעגאָריעס: דאָס בעקענען זיך אויף אַ אויפנאַהמע ביי געמיינזאַמע פריינד און דאָס בעקענען זיך אויף אַ נייטראַלען באָדען.

דער אונטערשיעד איז זעהר אַ גרויסער. מען מוז נעמליך וויסען, אַז אויף אַ אויפנאַהמע ביי פריינד, מוזען אַלע געסט זיך קענען, די פרעמדע מוז מען בעקענען צווישען זיך, אָדער מען דאַרף זיך אַליין פאָרשטעלען, דאַגעגען דאָס טרעפען זיך אויף אַנדערע ערטער פאָדערט נישט, אַז מען זאָל פאָרשטעלען און בעקענען זיך.

ליידער פערנאַכלעסיגען מיר שטאַרק דעם אופן פון בעקענען זיך אָדער פאָרשטעלען אונזערע פריינד, עס קומען דערפון אַרויס זעהר פיעל אונאַנגענעמליכקייטען און רעדערייען אויף לאַנגע צייטען. זאָגאַר גאַנץ פאָרנעמע און גוט-ערצויגענע מענשען זינדיגען אין דעם הינזיכט און ברענגען צו בעליידיגונג און פערדרוס. מען קען דאָס אָפט בעמערקען, ווי אַ פערזאָן קומט צו, צו אַ גרופע

מענשען אויף א אָווענד, בעגריסט זיך מיט די עטליכע, וועלכע מען קען, און פאָרשטעלנדיג זיך פאר די איבעריגע, רופט מען אוועק איינעם פון דער גרופע אויף צו דערצעהלען עפעס א כּיד.

דאָס איז גראָב, בעליידיגענד און ברוטאל.

אלץ-איינס, צי דאָס איז א פּרוי אָדער א מאַנספּערזאָן, אויב מען קומט צו, צו א גרופּע, פון וועלכע מען איז בעקאַנט נאָר מיט איינינע, דאַרף מען זיך מיט זיי בעגריסען, און דאַן בעטען איינעם פון די בעקאַנטע, פאָרצושטעלען פאַר די איבעריגע פון דער גרופּע. אָדער איינער פון דער גרופּע דאַרף אליין האָבען די איניציאַטיוו פון פאָרשטעלען א צוקומענדע פערזאָן מיט די איבעריגע. אויב מען וויל עמיצען פון דער גרופּע אָבצורייסען, כּדי בעזונדערס צו רעדען, דאַרף מען דאָס טהון קלוג. מען פערבלייבט א ווײַלע מיט דער גרופּע, נאָכדעם דערווייטערט מען זיך מיט די נויטיגע פּערזאָן, און מען שמועסט דעמאָלט וואָס מען וויל.

אין א געזעלשאַפט, ווען מען מען האלט זיך אין בעקענען מיט פרעמדע און זייטיגע פּערזאָנען, דאַרף מען קיינמאָל נישט אַרויסווייזען, אַז מען האָט צו רעדען סודות מיט א טייל פּער-זאָנען. אין אלגעמיין איז נישט פּאַסיג צו מאַכען סודות און רעדען אין א געהיימניספולען טאָן אין געגענוואַרט פון אַנדערע, דאָס אלץ קען מען טהון, נאָר אונבעמערקט, דיסקרעט, נאָר נישט גראָב.

צו עלטערע פּערזאָנען דאַרף מען קיינמאָל זיך נישט פאָר-שטעלען, מען דאַרף בעטען א געמיינזאַמען פריינד, אַז ער זאָל פאָרשטעלען.

אויב מען טרעפט ערגיץ א עלטערען הערר אָדער א דאַמע, מיט וועלכע מען האָט זיך אַמאָל בעקענט אויף א אָווענד, זאָגט מען נישט: „מיר האָבען זיך שוין בעקענט", „מיר זענען שוין בע-קענט", נאָר מען זאָגט: „מען האָט מיך שוין פאָרגעשטעלט פאַר אייך", „איך האָב געהאַט די עהרע צו ווערען פאָרגעשטעלט פאַר אייך, אויף דער אויפנאַהמע ביי דער פאַמיליע ב...."

ביים פאָרשטעלען און בעקענען זיך, דאַרף דער מאַנספּערזאָן קיינמאָל נישט דערלאַנגען פריהער די האַנד צו דער פרוי. ער דאַרף

נאָר זיך פערנייגען, און זיין גרייט, די פרוי דארף די ערשטע דער־לאַנגען די האנד.

ווען מען פערברענגט אין א געזעלשאפט ביי פריינד, דארף מען האָבען א פרינציפּ צו פערהאַלטען זיך צו אַלע געסט ווי צו גוטע בעקאנטע, אין געשפרעך און אין דער האַלטונג דארף מען זיין פריינדליך און צוגעלאָזען. מען דארף מאַכען דעם איינדרוק, אַז מען קען זיך גוט מיט אַלע אָנווענדען.

ביים פאָרשטעלען צוויי פערזאָן, דארף מען אַרויסזאָגען דייטליך זייערע נעמען מיט זייערע טיטולען. אויב איינער איז א דאָקטאָר, דיפּלאָמירטער אינזשינער, מעצענאַס, ראטמאַן, האנ־דעלס־ראַט, דארף מען פאָרשטעלען מיט'ן טיטול, צום ביישפּיעל ה' ראטמאַן ב...., ה' אינזשינער א... אויב מען שטעלט זיך אַליין פאָר, דארף מען נישט זאָגען דעם טיטול, נאָר בלויז דעם נאָמען.

ביים ווערען פאָרגעשטעלט פאר דאַמען, קען מען איהר גע־בען א קוש אין דער האַנד, אָבער דאָס איז נישט אונבעדינגט נויטיג, א עלטערע דאַמע מוז מען יאָ געבען א קוש אין האַנד. די פרוי דארף קיינמאָל נישט אויפהויבען די האַנד צום מויל פון מאַנספּער־זאָן צום קושען, ווייל זי קען נישט וויסען, צי מען וועט איהר קושען אין האַנד.

מען מוז האָבען א איינהייטליכען פּרינציפּ, אויב מען האָט איין מאָל פּרויען בעגריסט מיט קושען אין האַנד, מוז מען שוין אַלע אַנדערע פרויען אויף דעם זעלבען שטייגער בעגריסען. דאָס מאַכען אויסנאַהמעס איז אויף דעם העכסטען אופן בעליידיגענד און בעווייזט, אַז מען האָט נישט קיין גוטע מאַניערען. דאָס זעלבע איז ביים געזעגענען זיך.

א מיידעל דארף מען בכלל נישט קושען אין האַנד ביים בעגרי־זיך און נישט ביים געזעגענען זיך.

גאַנץ אַנדערע פּרינציפּען הערשען ביים געזעגענען זיך אויף נייטראַלע ערטער, און עפענטליכע פערוויילונגס־ערטער.

אין אַזעלכע ערטער איז נישט דוראויס נויטיג זיך פאָרצו־שטעלען פאר אַלע פערזאָנען, וועלכע קומען אין בעריהרונג מיט איינעם, מיט וועלכען מען פערברענגט צוזאַמען, מען מוז אויך

נישט בעקענען צווישען זיך אונזערע בעקאנטע, וועלכע קענען זיך נישט. אויב מען זיצט מיט א דאמע אין א רעסטאראן, קאפע, אדער טעאטער, און מען זעהט דארטען בעקאנטע, וועלכע גריסען זיך, איז נישט דורכאויס נויטיג זיי פארצושטעלען פאר דער דאמע אויב מען געהט אפילו פערביי נאהנט פאר בעקאנטע, קען מען זיך בענוגענען מיט בעגריסען אדער דריקען די האנד, דורכגעהענדיג און זיך זאגאר נישט אבשטעלען. אויב אבער מען וויל זיך אבשטעלען אויף צו רעדען אביסעל מיט א בעקאנטען און פריינדין, דאן דארף מען זיי שוין פארשטעלען פאר דער דאמע און הערר, מיט וועלכע מען געהט צוזאמען.

אויב מען געפינט זיך אין בעגלייטונג פון ווייב און דורכגעהענדיג בעגריסט מען זיך מיט א בעקאנטע פרוי און מען דריקט איהר די האנד, דאן דארף מען זי שוין פארשטעלען פאר'ן ווייב. אויב מען בעגריסט זי נאר פון ווייטענס מיט פערנייגען דעם קאפ, איז נישט נויטיג זי פארצושטעלען.

אין א עפענטליך ארט דארף מען נישט צוגעהן צו א גרופע צווישען וועלכע עס געפינען זיך אייניגע אונבעקאנטע, אויסער ווען מען איז זיכער, אז די בעקאנטע וועלען פארשטעלען די איבעריגע.

ווען מען געפינט זיך אין א עפענטליך ארט אין דער געזעלשאפט פון א פרוי, איז מען נישט פערפליכטעט זיך אבצושטעלען אפילו מיט נאר נאהנטע פריינד און צו בעגריסען זיך מיט א האנד-דריק; עס איז גענוג צו בעגריסען זיך מיט זיי העפליך בלויז מיט פערנייגען זיך. דאס זעלבע איז ווען מען איז איינער אליין און דער בעקאנטער געפינט זיך אין געזעלשאפט פון א פרוי, וועלכע מען קען נישט, אדער אפילו ווען מען קען יא. אויב מען וויל דעם בעקאנטען פארשטעלען פאר דער בעגלייטענדער פרוי, קען מען צוגעהן צו איהם. דער אליינגעהענדער מאנספערזאן דארף אליין נישט צוגעהן.

דאנענען דארף מען זיך אבשטעלען און בעגריסען מיט א האנד-דריק, אויב מען געפינט זיך נישט אין בעגלייטונג פון א פרוי און דער בעקאנטער איז אויך אהן פרויען.

מיט'ן בעגריסען מיט דער האַנד, קען מען אָפּט זעהר פיעל אויסדריקען, מען קען זאָגאַר ארויסרופען עקעל און פעררדרוס.

פאַרהאַן פערזאָנען, וואָס זענען זעהר פערנאַכלעסיגט מיט'ן געבען די האַנד און לעגען נישט דערויף קיין שום אויפמערקזאַמקייט. זיי שטעקען אריין אַ קאַלטע, טויטע, אונבעוועגליכע האַנד, און עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט געזאָגט, נאַדיר און קוועטש. ווען די דאָזיגע וואָלטען געוואוסט, וואָס פאַר אַ עקעלהאַפט געפיהל דאָס רופט ארויס, וואָלטען זיי זיך אונבעדינגט דערפון אָבגעוויינט.

דאָס אריינשטעקען אַ אונבעוועגליכע שטייפע האַנד, איז נישט קיין געבוירענער פעהלער, דאָס איז נאָר אַ מיאוס'ע געוואָהנהייט, אַ מין גרינגשעצונג צו זיך און צו אַנדערע.

פאַרהאַן אויך אַזעלכע, וואָס שטעקען אריין אַ ווייכע, איינגעקורטשעטע האַנד, אָהן לעבען און געפיהל. אויך דאָס איז עקעלהאַפט.

ביים בעגריסען זיך מיט אַ האַנד-דריק, דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז די האַנד זאָל זיין לעבעדיג, בעוועגליך, נישט אויסגעשטייפט, נישט ווייך-איינגעקורטשעט, זי דאַרף זיין עלאַסטיש.

ביים דריקען די האַנד דאַרף מען אויך נישט פערגעסען, אַז מען דאַרף אָבלאָזען יענעמ'ס האַנד. פאַרהאַן נעמליך פערזאָנען, וואָס, אַז זיי בעגריסען זיך מיט דער האַנד, פערגעסען זיי, אַז זיי דאַרפען צוריק ארויסלאָזען דעם בעקאַנטענס האַנד, נאָר יענער מוז אליין זוכען אַ מיטעל ארויסצוציהען די האַנד, שאָקלענדיג און בעוועגענדיג די האַנד, ביז ער בעפרייט זי פון דער קלעם.

דער האַנד-דריק דאַרף דויערען נישט מעהר, ווי איין ווייל'ע, ווי אַ פינטעל מיט'ן אויג, מען דאַרף דערביי געבען אַ וואַרמען דריק, און גלייך צוריק עפענען די האַנד. אויב מען בעגריסט זיך מיט אַ נאָהענטען פריינד, קען דער האַנד-דריק זיין הארציגער, און קען דויערען אַ ווייל'ע לענגער.

מען דאַרף נישט געבען בלויז אַ טייל האַנד, בלויז די שפּיצען־פינגער, מען דאַרף געבען די גאַנצע האַנד.

ווען אַ גאַר יונגע פרוי בעגריסט זיך מיט אַ עלטערען מאַנס־פּערזאָן, דאַרף זי אַ חוץ אַ האַנד־דריק, אויך העפליך זיך פּער־נייגען מיט׳ן קאָפּ.

אויף יודיש זאָגט מען געוועהנליך יעדען גוט־מאָרגען, אָדער אַ גוטען־טאָג. ווען דאָס בעגריסען זיך קומט־פאָר אויף פּויליש. איז שוין פאַרהאַן אַ דיפערענץ אינ׳ם אויסדרוק אין בעצוג צו דער קאַטעגאָריע בעקאַנטע. אויב מען בעגריסט זיך מיט גאָר נאָהענטע בעקאַנטע, זאָגט מען „דזיען דאָברי פּאַניע״, „דזיען דאָברי פּאַנו״ אָדער „דאָברוי וויעטשור פּאַני״, דאַגעגען ווען דאָס איז נישט קיין ספּעציעל נאָהענטער בעקאַנטער, דאַרף מען בלויז זיך בעגריסען מיט אַ האַנד־דריק, אָדער זיך פערנייגען.

אויב מען געזעגענט זיך מיט אַ גרופּע פּערזאָנען, מיט דריקען די הענד, דאַרף מען געבען די האַנד אַלעמען, אפילו די, מיט וועלכע מען איז נישט בעקאַנט, מען קען נישט איבערהיפּערן, איינעם יאָ דריקען די האַנד און אַ צווייטען נישט, ווייל מען קען איהם וועניג. אפילו מען איז נישט געוועזען פאָרגעשטעלט פאַר איינינגע פּערזאָן פון דער גרופּע, מוז מען זיי אויך געבען די האַנד, אויב מען דריקט די הענד פון די אַנדערע.

דאַגעגען ווען די, פאַר וועלכע מען איז נישט געוועזען פאָר־געשטעלט, שטעהען עטוואָס אָבגערוקט פון די פּערזאָנען, מיט וועל־כע מען געזעגענט זיך, איז גענוג צו געזעגענען זיך מיט זיי דורך פערנייגען זיך מיט׳ן קאָפּ און מיט׳ן זאָגען אַ גוטע נאַכט, אָדער אַ גוטען טאָג.

### דאָס אונטערהאַלטען אַ געשפּרעך.

אַ גרויסע געניטקייט פאָדערט דאָס קענען אונטערהאַלטען אַ געשפּרעך אין אַ געזעלשאַפט, און זאָגאַר צווישען צוויי פּער־זאָנען. עס איז אַ גרויסע קונסט צו קענען מיט׳ן רעדען פּראַאינטע־רעסירען און צו שאַפען אַ גוטע מיינונג וועגען זיך. דאָס איז אָבער

אבסאָלוט נישט אַזוי שווער, מען דאַרף נאָר זיין פעהיג, מען דאַרף קענען לאָקאַליזירען צווישען די טעמעס, וועלכע ווערען בעריהרט אין געשפּרעך.

דאָס געשפּרעך איז דער עקזאַמען פון לעבען, אויב מען וויל איצט עמיצען נעהנטער דערקענען, בעמיהט מען זיך מיט איהם צו האָבען א געשפּרעך, דערביי ערשיינט דער מענש מיט זיינע פעהיגקייטען. פון געשפּרעך זעהט מען, צי מען האָט צו טהון מיט א קלוגען אָדער א בעגרעניצטען מענש, מיט א פוסטען פּלוידערער, אָדער מיט א מענש, וואָס ווייסט, ווי אַזוי אונטערצוהאַלטען א געזעלשאַפט. אין א געשפּרעך מוז זיך דער מענש ארויסכאַפּען מיט זיין אמת'ען „איך".

פאַרהאַן קלוגע און גענוג ענטוויקעלטע מענשען, וועלכע זעגען נישט דרייסט אין געשפּרעך. עפּעס ענטלויפען פון אַזאַ איינעם אַלע טעמאַס; ווען זיי זענען איהם נישט נויטיג, ווייס ער, ווי אַזוי און וואָס צו רעדען און קוים קומט ער צווישען מענשען, בלייבט די צונג ווי געליימט און דער מוח איז פוסט אָהן זכרון.

מען קען זיך אָבער איינאיבען, אַז מען זאָל קענען שטענדיג האָבען אינטערעסאַנט מאַטעריאַל צו רעדען.

דער ערשטער פּרינציפּ איז, אַז מען דאַרף ביים געשפּרעך נעמען אין אַכט די גייסטיגע שטופע פון די פּערזאָנען, מיט וועלכע מען פערברענגט. ביים געשפּרעך דאַרף מען זיך צופּאַסען צו דעם. מען מוז אויסמיידען צו רעדען „צו הויכע זאַכען" מיט פּערזאָנען פון א מיטעלמעסיגען גייסטיגען מאַסשטאַב. און נישט רעדען וועגען לעכערליכע נישטיגע פראַגען מיט מענשען פון א הויכען גייסטיגען ניוואָ.

דער צווייטער פּרינציפּ איז, צו רעדען וועגען זאַכען און פראַגען, וואָס זענען אַקטועל.

דער דריטער וויכטיגער פּרינציפּ איז, נישט צו דערצעהלען זאַכען, וואָס אַלע אָנוועזענדע ווייסען דאָס גענוי אַזוי גוט, ווי דער דערצעהלער, ווייל אַלע האָבען געקענט דערפון גלייך הערען אָדער לייענען.

אינטערעסאַנט ווערט א געשפּרעך, ווען מען דערצעהלט וועגען

נען זאכען, פון וועלכע די צוהערער האָבען א געוויסען בעגריף און זיי דערוויסען זיך נייע איינצעלהייטען, נאָך מעהר מאכט מען אינ־טערעסאנט א געשפּרעך מיט׳ן דערצעהלען נייע אינטערעסאנטע זאכען פון לענדער, שטערט און מענשען.

ווי אזוי פאנגט מען אָן א געשפּרעך? מען איז אין א געזעל־שאַפט פון מעהרערע פּערזאָנען, אָדער מען איז אויף ראנדעוואו?

אויב אין זעלבען טאָג ,אָדער מיט א טאָג פריהער איז פאָר־געקומען עפּעס א ספּעציעל וויכטיג געשעהעניש אין שטאָדט, אָדער אין לאנד, צי אויף דער וועלט, איז עס אמבעסטען אָנצוהויבען דער־מיט, אויב אלע פּערזאָנען האָבען דערפון געהערט, דאַרף מען ארויסזאָגען א אייגענע מיינונג, אָדער פרעגען, וואָס זאָגט איהר וועגען דעם?

אויב אזא וויכטיג געשעהעניש איז גראָד נישט געווען, קען מען אָנהויבען דאָס געשפּרעך וועגען טעאטער, וועגען א נייע פּיעסע, וועגען א ארטיסטין, וועגען לעצטען קינאָ־בילד מיט די אויספיהרער, וואָס מען האָט געזעהן.

מען מוז אָבער שטענדיג נעמען אין אכט, אז שטענדיג מוז מען אָנפאנגען א געשפּרעך מיט דעם וויכטיגסטען און אקטועלסטען טעמא, וואָס איז פאַרהאַן. אויב די גאנצע שטאָדט רעדט וועגען דעם גרויסען געשעהעניש, וואָס א שיף איז אונטערגעגאנגען, אָדער וואָס אין א לאנד, מיט וועלכען מען איז נאָהנט, איז פאָרגעקומען א גרויסע איבערקעהרעניש, איז עס נאריש און בענגעניצט, ווען מען פאנגט אָן מיט א פראגע, צי האָט איהר שוין געזעהן דאָס נייע פילם־בילד מיט די ארטיסטין?

עס איז זעהר אָנגענעהם, ווען מען דערצעהלט אונז זאכען פון ווייטע לענדער און אונבעקאנטע שטערט, מען דאַרף אָבער נישט צו־לאנג פיהרען א געשפּרעך, אין וועלכען די אָנוועזענדע קענען זיך נישט בעטייליגען, מען האָט שטענדיג ליעב, ווען מען קען אויך עפּעס זאָגען און דערצעהלען, נישט בלויז הערען. אויב מען בעלאסטעט צופיעל מיט אייגענע דערצעהלונגען, ווערען די אָנוועזענדע ערמידעט און קוקען־אויס עס זאָל שוין א סוף נעמען. דאָס הייסט, אז מען פערמאַטערט און מען נודזשעט די צוהערער.

מען דאַרף זיך בעמיהען אויסצומיידען אַרויסצורופען אַ דע־באַטע, ווען מען איז צו־גאַסט ביי פריינד. אויב מען בעמערקט, אַז די פּערזאָן, מיט וועלכע מען רעדט, האָט אַנדערע איבערצייגונגען, דאַרף מען אויף אַ קלוגען אופן אָוועקפיהרען דאָס געשפּרעך אויף אַנדערע וועגען. אויף וויזיטען אָדער אויפנאַהמעס דאַרף מען נישט פיהרען קיין ליידענשאַפטליכע דעבאַטעס, וועגען רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע פראַגען. דערויף איז דאָס ריכטיגע אָרט אין קלוב אָדער אין פעראיין, אויף מיטינגען.

דאָס מיינט נישט, אַז אַ מענש מוז זיין פאַלש און דאַרף נישט אין דער געזעלשאַפט אַרויסזאָגען זיינע מיינונגען. מען קען ביי אַ געלעגענהייט וועגען אַלצדינג רעדען, און מען מעג אַרויסזאָגען די מיינונג, נאָר קוים בעמערקט מען, אַז עס קען זיך ענטוויקלען אַ העפטיגע דעבאַטע, מוז מען אויף אַ קלוגען אופן אַריבערשפּרונגען אויף אַ אַנדערער פראַגע.

יעדער מענש זאָל זיך בעמיהען צו זיין אין רעדען פער־שיידענאַרטיג און נישט נודנע. פאַרהאַן מענשען, וואָס רעדען שטענדיג וועגען איין טעמא, צום ביישפּיעל, אויב מען האָט אַמאָל פערברענגט אין אַ וויטע שטאָדט אָדער לאַנד, האַלט מען איבעראַל אין איין דערצעהלען וועגען די וואונדער פון דער שטאָדט. און פון וואָס מען רעדט, פאַלט דער אריין מיט אַ מעשה פון יענער שטאָדט. דאָס איז לעכערליך. מען מוז וויסען אַ גרעניץ.

מען זאָל אויך קיינמאָל נישט רעדען אָדער דערצעהלען צו־לאַנג איין זאַך. דאָס איז נודנע. מען דאַרף שנעל ענדיגען דאָס טע־מא, צולאָזען, דאָס אַנדערע זאָלען אויך רעדען און נאָכהער דער־צעהלען אַדערע זאַכען.

ווען מען בעמערקט, אַז עמיצער וויל עפּעס דערצעהלען אין צוזאַמענהאַנג מיטין געשפּרעך, אָדער יענער וויל עפּעס צוגעבען אָדער זיך אָנרופען, זאָל מען יענעם נישט פערקלאַפּען דאָס מויל, נאָר מען זאָל שנעל געבען יענעם די געלעגענהייט צו רעדען. אָדער מען זאָל איבעררייסען זיך, אָדער מען זאָל שנעל צוגעהן צו אַ גרע־ניץ און געבען יענעם דאָס וואָרט.

און נישט בלויז רעדען דאַרף מען קענען, נאָר מען דאַרף

אויך קענען הערען. מען מוז האָבען געדולד. אויב מען איז אין אַ גע-זעלשאַפט פון אַ קליינע גרופּע, זאָל מען נישט פערשעמען די פּער-זאָן, וואָס רעדט, מיט אויפשטעהן און אוועקגעהן, אָדער גלאַט מיט איבעררייסען די רייד. מען מוז מודה זיין, אַז עס איז זעהר נישט גוט צו האָבען צו טהון מיט אַ פּלוידערער, וואָס ווייסט נישט קיין גרעניץ, ווען צו ענדיגען און לאָזט קיינעם נישט קומען צום וואָרט. פונדעסטוועגען מוז מען האָבען געדולד. אין אַזעלכע פאַלען דאַרף מען זיך ברענגען פאַר אַ קרבן. מען קען אַמאָל פערלויפען יענעם מיט אַ וואָרט, וואָס זאָל דערנעהנטערען דעם פּלוידערער צום סוף פון זיין מעשה, נאָר אויב דער לאָזט זיך נישט אָראָבפיהרען פון זיין געשפּרעך, איז פערפאַלען, מען מוז האָבען געדולד און נישט פערשעמען.

זאָל יעדער זיך נעמען גוט אין זינען אריין, אַז מענשען האָבען זעהר און זעהר נישט ליעב, ווען מען דערצעהלט זיי צופיעל, וועגען זיך און וועגען די נאָהנטע. עס זענען פאַראַאַן אַ סך פּער-זאָנען, וואָס זייער ליעבסטע טעמא איז שטענדיג צו דערצעהלען, וועגען זיך, וועגען דער מאַמע, וועגען דער באָבע, וועגען די שוועס-טערן און ברידערן און אפילו וועגען די מיהמעס. מען דאַרף האָבען אַביסעל זעלבסטווירדע און וויסען, אַז קיינעם אינטערעסירט נישט צו וויסען, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט, וועגען דעם און יענעם, און ווי אַזוי די באָבע זעהט-אויס און וואָס דער און יענער זאָגט צו די שוועסטער, און וואָס דער און יענער טראַכט וועגען דער-צעהלער.

עס איז אַלץ-איינס צי די זעלבסט-בעריהמעריי איז ריכטיג, אָדער איבערגעטריבען, איז עס שטענדיג בעריהמעריי, וואָס מען מוז הערען, ווייל מען האָט נישט קיין ברירה. אויב מען וויל רעדען, וועגען זיך, זאָל מען וויסען אַ מאָס און אַ גרעניץ.

אין געשפּרעך זאָל מען זיך היטען פון צו דערצעהלען צופיעל זייטיגע איינצעלהייטען, וואָס האָבען נישט קיין צוזאַמענהאַנג מיט דער הויפּט-זאַך, וואָס מען דערצעהלט, און בכלל זאָל מען אויס-מיידען די אַלע איינצעלהייטען, פון וועלכע מען קען זיך בענעהען.

מען דאַרף נאָר ציעלען צו דערצעהלען דעם פאַקט, וואָס מען וויל איבערגעבען.

איבערהויפּט צווישען פּרויען, זענען פאַראַן אַ סך, וואָס האָבען ליעב צו דערצעהלען אַ זאַך מיט טויזענד זייטיגע, נישט-אינטערעסאַנטע און נישט-נויטיגע איינצעלהייטען, און עס איז נישטאָ קיין שום קראַפט, וואָס זאָל זיי קענען אראָבפיהרען פון די זייטיגע איינצעלהייטען און דערנעהנטערען צום ציעל פון דער זאַך, וואָס מען וויל דערצעהלען.

אָט די מוז מען זאָגען, אַז דאָס איז נודנע, נאַריש און פּלוידעריי.

מיר וועלען דאָ געבען אַ קליינעם ביישפּיעל. ווי אַזוי אַזעלכע דערצעהלען אַ זאַך און ווי אַזוי מען דאַרף דאָס איבערגעבען.

אַ מיידעל האָט געהאַט אַ זעהונג מיט אַ יונגענמאַן. איהר פריינדין ברענט צו וויסען דעם רעזולטאַט פון דער זעהונג. דאָס מיידעל דערצעהלט:

„מיר האָבען זיך אָבגערעדט אויף 7 אַזייגער, צו טרעפען אויף דער גאַס, איך בין געווען שטאַרק נייגעריג צו וויסען צי ער וועט קומען פּינקטליך. איך האָב געהאַט בעשלאָסען איהם צו לאָזען וואַרטען אויף מיר אַ פיערטעל שעה. האָב איך אָבער מורא געהאַט, אַז אויב עס וועט רעגענען קען ער נאָך אוועקגעהען, נאָר אויב עס וועט זיין טרוקען, זאָל ער וואַרטען אביסעל. שפּעטער האָב איך זיך מישב געווען און בעשלאָסען צו קומען פּינקטליך.

— נו, און ווי איז ער דיר געפעלען?

— באַלד וועל איך דיר דערצעהלען. אויפ'ן וועג האָב איך געטראָפען מאַניעקין, האָט ער מיך געפרעגט וואוהין איך געה. ווען איך זאָל איהם זאָגען, אַז איך געה צו דיר, וואָלט ער געוואָלט מיך אָנפיהרען. וואָלט איך זיך פערשפּעטיגט אויפ'ן ראַנדעוואו.

— אָבער צי ביסט געקומען פּונקטליך, און ווי אַזוי איז ער דיר געפעלען?

— איין מינוט וואַרט. האָב איך מאַניעקין געזאָגט, אַז איך געה אריין צו דער שניידערין דערנעבען, ווען איך בין געקומען צום אָרט, איז שוין געווען נאָך 7 און ער איז שוין געשטאַנען.

— נו, ווי איז ער דיר געפעלען?

— ווארט-זשע. ער האט זיך מיט מיר שעהן בעגריסט, און אזוי ווי מיר שטעהען אזוי איז פערבייגעגאנגען מיין שעף, נור וואס ארט דאס מיך, איך האב מיך אביסעל פערשעמט.

— נו, זענט איהר אריין אין א צוקערניע, און ווי איז ער דיר געפעלען?

— איין מינוט, ער האט מיר געזאגט, אז ער קען גוט מיין ברודער. ער איז ענציקט פון מיין ברודער, זיי האבען צוזאמען געלערנט, און אפט טרעפען זיי זיך צוזאמען.

— און ווי געפעלט ער דיר. איז ער א סימפאטישער?

— באלד זאג איך דיר. אויפ'ן וועג האבען מיר געטראפען די בערמאנס, דו קענסט זיי, זיי וועלען באלד אויספלוידערן...

די פריינדין האט זיך שוין מעהר נישט געפרעגט וועגען דעם עיקר פון דער זעהונג, נאר פאר די אויגען און אין קאפ האט איהר געגומען שווינדלען טויזענדער נארישע און נישט-נויטיגע נורנע איינצעלהייטען.

ווער עס וויל זיך שאפען א נאמען פאר א פלוידערין, פאר א נארישע און היסטעריטשקע זאלען אונבעדינגט אויסמיידען אזוי צו רעדען.

אויב מען וויל דורכאויס דערצעהלען זייטיגע איינצעלהייטען, זאל מען זיי זאגען שפעטער, נאכדעם, ווי מען האט פריהער דער־צעהלט די הויפט-זאך. מען דארף נישט שטעלען די צוהערער אין א שפאנונג און זיי דערצעהלען זייטיגע זאכען.

טיילמאל איז גוט צו דערצעהלען אין דער געזעלשאפט א וויץ, א אנעקדאט, א קונץ-שטיק, אבער מען דארף נישט צופיעל איבערטרייבען מיט שיטען צופיעל פעטע וויצען ווי פון ארבעל ארויס.

ווען עמיצער האלט אין רעדען אדער דערצעהלען, דארף מען וויסען ווען איהם איבערצורייסען מיט'ן שטעלען א פראגע, אדער אריינצומישען זיך. די פראגע דארף מען נישט שטעלען ווען יענער האלט אין סאמע מיטען רעדען. מען דארף אבווארטען אויף דער גע־לעגענהייט.

אויב מען פרעגט עפעס א פראגע, זאל מען נישט לאזען יענעם

לאנג ווארטען, נאר גלייך ענטפערן, אדער ערקלערען, אז מען וועט נאכדעם זאגען וועגען דעם.

אויב עמיץ רעדט פאלש-אוים פרעמד-ווערטער פון פרעמדע שפראכען, דארף מען נישט אויפ'ן קול פעררריכטען. דערפון קען מען ווערען פערשעמט. אויב עמיצער איז זיך טועה און זאגט, אז די אפערא „פאוסט" האט געשריבען דער קאמפאזיטאר פוטשיני אדער, אז דער דיכטער היינע איז געשטארבען מיט 400 יאהר צו-ריק, און, אז די פאעמא „מאניש" איז ביאליק'ס, זאל מען נישט הויך, אויפ'ן קול פערבעסערען דעם גרייז; די וועלט וועט נישט פיעל ליידען, אויב מען וועט נישט פעררריכטען באלד דעם פעהלער. די, וואס ווייסען, וועט עס נישט שאדען און די, וואס האבען עס נישט בעמערקט, דארפן נישט הערען, ווי מען פערשעמט א מענש מיט'ן פעררריכטען אזעלכע עלעמענטארע פעהלערס.

ביים רעדען מיט איין פערזאן זאל מען נישט קוקען אן א זייט, נאר אין פנים אריין; מען דארף זיך בעמיהען צו זיין העפ-ליך מיט'ן רעדען, ספעציעל ווען מען מוז זאגען „ניין", „עס איז אונמעגליך", מען דארף זיך בעמיהען, אז דערפון זאל די פערזאן זיך נישט פיהלען בעליידיגט.

וועןמאכטמעןוויזיטעןאוןאויפנאהמעס.

דאס געזעלשאפטליכע און פריינדשאפטליכע צוזאמענלעבען האט זיך זיינע סעזאנען, פארהאן צייטען פון שטילשטאנד, ווען מען דארף נישט מאכען קיין וויזיטען, און צייטען, ווען עס איז לעבהאפט. דערמיט דארף מען זיך שטארק רעכענען, כדי נישט צו קומען מיט א וויזיט אין א נישט-ענטשפרעכענדע צייט.

דער לעבהאפטסטער סעזאן פון וויזיטען און אויפנאהמען איז נאך דער דאטשע-צייט. אין פערלויף פון זומער האט מען גע-שלאסען נייע בעקאנטשאפט אויף דאטשע און קור-ארט, און ווען מען קומט אהיים, ווערט די פריינדשאפט ענגער און נעהנטער. מען דארף אבער נישט מאכען קיין וויזיטען פריהער ווי א 4—5 וואכען נאכ'ן אהיימקומען. אין די ערשטע 4—5 וואכען נאכ'ן צוריק-קומען

אין שטאָדט אריין פון ראטשע, איז די ווירטין פערנומען מיט'ן ברעננען אין אָרדנונג די וואָהנונג, מיט'ן אויפשטעלען די נאָר-דעראָבע פאר'ן הערבסט און ווינטער, זי איז געוועהנליך פערנומען מיט שניידערס, שניידערינס און קירזשנערס. אין אזא צייט דארף מען נישט בעלעסטיגען מיט וויזיטען. נאָר גאָר נאָהנטע פריינדינס פון דער ווירטין, קענען זיך ערלויבען נישט צו רעכענען זיך דערמיט.

מען דארף אויך נישט קומען מיט וויזיטען אין דער צייט צווישען ראש-השנה און סוכות. אפילו ווען מען איז נישט רעליגיעז-געשטימט.

אין סוכות מאכען געוועהנליך וויזיטען די נאָהנטע פאמיליע.

ערשט נאָך סוכות, ארום נאָוועמבער-צייט, הייבט זיך אָן דער רעכטער ברען פון סעזאָן פאר וויזיטען און אויפנאַהמעס.

דאָס דויערט אזוי ביז פורים-צייט. דעמאָלט דארף מען ווי-דער אויפהערען צו מאכען וויזיטען און אויפנאַהמעס, ביז פסח-צייט.

אין די ערשטע 2 טעג סוכות און פסח דארף מען נישט קו-מען מיט וויזיטען.

פון מאַי ביז אָקטאָבער הערט מען אויף צו מאכען וויזיטע; און אויפנאַהמעס. דאָס איז דער סעזאָן פון זומער-וואָהנונג און קוראָציע, ווען דאָס פריינדשאפטליכע לעבען טראָגט זיך איבער אויף אנדערע ערטער, ביי פרייערע פרינציפען.

## אויף זומער-וואָהנונג און קור-ערטער.

אויף זומער-וואָהנונג און אין קור-אָרט, דארף מען נישט האלטען זיך אזוי שטרענג ביי די אָנגענומענע פרינציפען פון בע-קאָנען זיך, מען קען זיין ווייניג אויסקלויבעריש און זיך בעקאָנען מיט די, מיט וועלכע עס קומט אוים צוזאמען צו לעבען און צו פערברענגען די פאָר מאָנאטען פון זומער.

אויף זומער וואָהנונג קען מען געוועהנליך נישט זיין איינ-געשלאָסען אין דער וואָהנונג, מען מוז פערברענגען אין וואלד אויף דער פרייער לופט אָדער אויפ'ן שטראנד. צי אויף דער פלאזשע

און מען דאַרף זיך לייכט און שנעל בעקאַנען מיט אַלע שכנים, מיט וועלכע די צופעליגקייט פיהרט אונז צוזאַמען.

די בעקאַנטשאַפט אויף דאַטשע און פון קור-אָרט פערפּליכטעט אונז מיט גאָרנישט. מעג מען זיין ווי נאָהנט בעפריינדעט אויף דער דאַטשע, קענען די בעציהונגען ווערען איבערגעריסען אין דעם מאָמענט, ווען מען קומט אין שטאָדט אריין. עס פערשטעהט זיך, אַז מען דאַרף זיך בעגריסען, ווען מען טרעפט זיך אין שטאָדט מיט אַ פּערזאָן, מיט וועלכער מען האָט זיך בעקאַנט אויף דער זומער-וואָהנונג. אָבער מען איז נישט פערפּליכטעט צו אונטערהאַלטען די זומערדיגע בעקאַנטשאַפט מיט וויזיטען און איינלאַדונגען.

נאָר אויב מען וויל פאָרטזעצען די בעקאַנטשאַפט אויף שפּעטער אין שטאָדט, דאַן דאַרף מען אין די לעצטע טעג פון דאַטשע-סעזאָן איינלאַדען די בעקאַנטע, דאָס זיי זאָלען אין שטאָדט אָבשטאַטען אַ וויזיט אין דער וואָהנונג.

אויף דאַטשע קען מען זיך פיהרען אביסעל פרייער מיט דער גאַרדעראָבע, אָבער עס זענען פאַראַן אַ סך פּערזאָנען, וואָס מיינען, אַז מען קען זיך אַלץ ערלויבען אויף דאַטשע און אָפט טרעטען זיי איבער די גרעניצען פון דער מעגליכקייט און רופען ארויס די אַלגעמיינע גרינגשעצונג און געלעכטער.

פאַראַן נעמליך פּערזאָנען, וואָס מיינען, אַז אויף דאַטשע קען מען אַ גאַנצען טאָג ארומגעהן אין שלאָפראָק, אָדער אין דער פּידזשאַמע איבער דער ווילּיע, אין וואַלד און צו דער סטאַציע. זאָגאַר מענער דרעהען זיך ארום און שפּאַצירען אין פּידזשאַמעס אָדער שלאָפראָקען.

דאָס איז זעהר נישט שעהן.

די פרוי און אויך דער מאַנספּערזאָן קען אין דער פּידזשאַמע אָדער שלאָפראָק ארומגעהן נאָר אין דער פריה, העכסטענס ביז פריהשטיק. אין אַזאַ קליידונג קען מען פערברענגען נאָר אין דער ווילּיע, וואו מען וואָהנט.

מען קען נישט אין דער פּידזשאַמע אָדער שלאָפראָק ארויסגעהן פון דער ווילּיע שפּאַצירען.

נאָך פריהשטיק דאַרף דער מאַנספּערזאָן נישט געהן מעהר

אין שלאַפראַק אַפילו אין דער ווילִיע. אויך די פרוי דאַרף שוין האָבען אויף זיך אַ לייכט קליידעל. נאָר נישט דעם מאָרגען-שלאַפראַק.

אויף דאַטשע און אין די קור-ערטער קענען די מענער נעהן אָהן די מאַרינאַרקעס, בלויז אין די הויזען. אין אַזאַ פאַל טאָר מען נישט טראָגען קיין שעלקעס, אויף די הויזען אַ ספּאָרטאָווע לעדערנעם פּאַס, אַנשטאָט דער מאַרינאַרקע אַ ציכטיג ריין העמד, לויט דער מאָדע, דאָס איז אונבעדינגט נויטיג. אויב מען וויל טראָגען נישט-מאָדישע העמדער, זאָל מען בעסער אָנטהון די מאַ-רינאַרקע. דער קראַוואַט מוז זיין אַ לאַנגער און דערגרייכען ביז'ן פּאַס פון די הויזען. מען דאַרף שטרענג אַכטונג געבען אויף דער ציכטיגקייט פון העמד.

די מענער דאַרפען נישט געהן שפּאַצירען אויף זומער-וואָהנונג און אין קור-ערטער אָהן קעלנער און קראַוואַטען.

דאָס זעלבע ערלויבען זיך פיעל פּערזאָנען צו טראָגען אַ גאַנ-צען טאָג און איבעראַל די שטעק-שיך. דאָס קען מען טראָגען העכ-סטענס אין די מאָרגען-שעה'ן אין דער ווילִיע. אויב מען געהט שפּאַצירען אין וואַלד אָדער צו דער סטאַציע, זאָל מען אָנטהון אַ פּאָר שפּאַציר-שיך.

אויף טאַנץ-אָווענדען, וואָס ווערען איינגעאָרדענט אויף די זומער-וואָהנונגען און אין די קור-ערטער קען מען טראָגען גרויס-אַרטיגע באַל-קליידער, אי בעשיידענע זומער-קליידונג, דאָס איז אָבהענגיג פון די ערטער, וואו מען פּערברענגט. אין די דאַטשע-ערטער קען מען דרייסט געהן אויף אַ טאַנץ-אָווענד אין אַ בעשיידען זומער-קלייד, מענער קענען קומען אין די זומערדיגע העלע-אַנצוגען.

דערפאַר אויף די טאַנץ-אָווענדען, וואָס ווערען איינגעאָר-דענט אין די קור-ערטער, דאַרף מען שוין זיין גיכער נעקליידעט ווי צו אַ באַל. אָבער מען דאַרף נישט זיין שטרענג צו דער אָווענד-קליידונג אין זומער. אַפילו אין די גרויסאַרטיגסטע קור-ערטער אין לאַנד און אויסלאַנד, קומען די פיינסטע דאַמען נישט אין באַל-קליידער, נאָר אין לייכטע, העלע זומער-קליידער.

אויב מען וויל אויפנעהמען געסט אויף דער זומער-וואהנונג, דארף מען נישט מאכען קיין שום פייערליכע מאהלצייטען און אויפנאהמעס. אויף דאטשע איז די שענסטע אויפנאהמע: א טיש געדעקט מיט טהיי, לייכט געבעקס, שאקאלאד, פרוכטען, מעהר נישטן

די געסט, וואס קומען אויף דאטשע מיט וויזיטען צו ווייטערע נאהנטע, זאלען בשום-אופן נישט קומען נעכטיגען. מעג מען זיך פיהלען ווי נאהנט צו דער פאמיליע, וועלכע מען שטאטעט-אב דעם וויזיט, מעג די ווירטין ווי הארציג בעטען צו בלייבען נעכטיגען, זאל מען בעסער אוועקפאהרען צוריק אין שטאדט אריין. דאס בליי-בען אויף נאכט אויף דאטשע איז א גרויסער פיין פאר דער וויר-טין, און אפטמאל בעט זי צו בלייבען בלויז אויס העפליכקייט. אויב מען וויל דורכאויס פערבלייבען עטליכע טעג צו-גאסט אויף דער דאטשע ביי די בעקאנטע, זאל מען מיטן נאכט-לעגער זיך איינארדענען ערגיץ אין א האטעל אדער פענסיאנאט, בשום-אופן נישט ביי דער בעקאנטער פאמיליע, ווארום קיינער איז אויף דער דאטשע נישט צונעגרייט צו געבען געלעגער אין דער ענגער וואהנונג אויף דאטשע.

# איז עפּענטליכע ערטער

דאָס וויכטיגסטע, וואָס מען מוז גערענקען, ווען מען געפינט זיך אין עפּענטליכע ערטער, איז, אַז אַלע האָבען דאָ גלייכע רעכט, מען קען דאָ נישט פאָדערן פון קיינעם, דאָס ער זאָל זיך אויפפיהרען אנדערש, ווי ער וויל, ווייל יעדער האָט רעכט, אין די גרענצען פון אָנשטענדיגקייט, צו אויפפיהרען זיך לויט אייגענעם געשמאַק און ווילען. מען דארף קיינמאָל נישט שטערען קיינעם, מען דארף קיינעם נישט מאַכען קיין פאָרוואורפען אין עפּענטליכען אָרט, אויסער, ווען דאָס איז דרינגענד נויטיג, פאַר דער אייגענער זיכערהייט אָדער פאַר'ן אייגענעם עהרען-געפיהל; ווען מען געפינט זיך אין אַזעלכע עפּענטליכע ערטער, ווי אויף דער גאַס, גאָרטען, אין טעאַטער, רעסטאָראַן, דארף מען נאָר אין זינען האָבען די אייגענע בעקוועמליכקייט, זיכערהייט און רוה, און נישט אריינמישען זיך צו אַנדערע און אויסמיידען צוזאַמענשטויסען מיט אַנדערע — פערקעהרט, ווי ווייט מעגליך אויסמיידען דאָס.

ווען מען געפינט זיך אין אַ עפּענטליך אָרט, זאָל מען זיך צופּאַסען צו די אַלע, וואָס געפינען זיך דאָרטען, מען דארף זיך נישט מאַכען פאַר אָריגינעל און זיין אַ אויסנאַהם. אויב מען געפינט זיך אין אַ אָרט, וואו מען דארף זיין רוהיג, זאָל מען נישט רעדען, וואָרום דערמיט שטערט מען די איבעריגע.

אין עפּענטליכע ערטער דארף מען נישט רעדען הויך אויפ'ן קול. דאָס גיעט אַ געלעגענהייט אויסצולאַכען, צווייטענס, וואָס דארפען אַלע הערען, וואָס מען רעדט. מענשען, וואָס רעדען אופ'ן קול אין עפּענטליכע ערטער, ווי אין טעאַטער, קינאָ, אויפ'ן גאַס, זענען שלעכט ערצויגען, און שטערען דעם פּובליקום, וואָס ווילען האָבען רוה און שטילקייט.

די גאַס איז פאַר אַלעמען, יעדען דאַרף דאָ זיין בעקוועם. קיינער דאַרף זיך נישט ערלויבען צו טהון עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל עמיצען פערשאַפען אונבעקוועמליכקייט. לויט די אדמיני־סטראַטיווע פאָרשריפטען דאַרף מען ביים געהן זיך האַלטען רעכטס.

עס טרעפט אָבער, אַז עמיצער געהט פאַלש און האַלט זיך לינקס, און מען טרעפט זיך געזיכט צו געזיכט. מען דאַרף נישט אין אַזאַ פאַל מיט אַ געבייזער מאַכען אַ פאָרוואורף, אַז מען דאַרף געהן רעכטס; עס לוינט זיך נישט צו דענערווירען. עס איז געזונדער און פיינער און בעסער, ווען מען מאַכט אַ קורצע בעמערקונג אין אַ וויציגען טאָן, אָדער מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען, אַז מען געהט נישט אין דער ריכטיגער זייט טראָטואַר.

אין אַלגעמיין דאַרף מען בעמערקען, אַז דאָס דענערווירען זיך איבער אַזעלכע קליינינקייטען לוינט נישט. אַזעלכע קליינע שטערונגען טרעפען זיך אין די טויזענדער איבעראַל, אין גאַס, אין טראַמוואַי, אין וואַגאָן, אין דער באַנק, שטעהענדיג אין דער רייה ביי אַ קאַסע, עמיץ בעגעהט אַ אונטאַקט, אַ פעהלער, אָדער אַ פער־זעהן פון צעשטרייאונג. אויב מיר זאָלען אויף אַזעלכע פאַלען רע־אַגירען מיט דענערווירען זיך, וועט דאָס אונז צופיעל געזונד קאָס־טען. עס זענען ליידער פאַראַן פיעל מענשען, וואָס מיינען, אַז מען מוז אין אַזעלכע פאַלען אויסשטראָפען, מאַכען אויפמערק־זאַם, אָדער מאַכען אַ בעמערקונג. אויב דאָס איז אַזאַ פאַל, וואָס מען מוז אונבעדינגט רעאַגירען, זאָל מען דערביי נישט אָנווענדען קיין נערוועז, נאָר מיט הומאָר, מיט אַ שמייכעל, מיט אַ לייכטען טאָן.

אויף דער גאַס דאַרף מען נישט פילדערן, עס איז נישט שעהן, ווען מען זינגט אונטער. נאָך וואָס זאָלען די פערבייגעהער דאַרפען ארויסזאָגען די מיינונג, ווענען דעם זינגען, אַנדערע ווידער קענען מיינען, אַז מען איז צוטראָגען.

אויף דער גאַס דאַרף מען דאָס געהן האַלטען אין אַ געוויסע:

טעמפא, פונקט ווי עס איז נישט שעהן, קוים צו שטעלען די טריט. איז אויך נישט שעהן צו לויפען און יאגען זיך.

געהענדיג אין גאס, זאל מען זיך בעמיהען קיינעם נישט אנ-צושטויסען, אויב דאס טרעפט אויף א צופעליגען אופן, זאל מען זיך ענטשולדיגען, מען זאל נישט ווארפען מיט די הענד צו-שטארק און נישט שטויסען זיך מיט די עלענבויגען; ווערענדיג געהן שנע-לער, דארף מען קיינעם נישט אוועקשטויסען, מען דארף גערענקען, אז קיינער דארף נישט מאכען קיין ווארע (אראבגעהן פון וועג).

מען דארף זיך נישט אומקוקען אויף דער גאס. ווי אפט טרעפט דאס, אז א מאנספערזאן דערזעהט א פרוי, בעטראכט ער זי גוט געהענדיג אנטקעגען, נאכהער שטעלט ער זיך אב און קוקט איהר נאך. דאס וועט קיינמאל נישט טהון קיין אמת'ער דזשענ-טעלמען. אויף אזא אופן ברענגט מען אמאל אריין די פרוי אין א טעות; זי קען מיינען, אז דאס איז א בעקאנטער, וועלכען זי געדענקט נישט, זי ווערט געשטעלט אין א שלעכטע לאגע און דאס ציהט די אויפמערקזאמקייט פון די פערבייגעהער און אפט פון איהרע בעקאנטע.

און אפט טרעפט עס, אז מען האט עפעס נישט גענוג בע-טראכט ביי א שויה-פענסטער, געהט מען צוריק, דערווייל געהט מען דאס שטיקעל וועג אין דער לינקער זייט, גענגען שטראם פון די דורכגעהענדע. אזוי דארף מען נישט טהון. אפילו דאס קלענסטע שטיקעל וועג דארף מען געהן מיט דער ריכטיגער ארדנונג, האלטענ-דיג זיך רעכטס.

אויב צוויי פערזאנען שטויסען זיך אן אין גאס, דארף מען בלייבען שטעהן, און יעדער דארף זיך נעמען אויף רעכטס.

אויב מען דארף זיך בעגריסען, געהענדיג אין גאס, דארף מען ארויסנעמען דעם פאפיראס פון מויל, עס איז זעהר טאקטלאז, ווען מען האלט אין מויל א פאפיראס און מען בעגריסט זיך צו בע-קאנטע אפילו פון דער ווייטענס, נישט אבשטעלענדיג זיך מיט זיי. אויב מען געהט מיט עמיצען און מען רעדט, דארף מען אויף דער מינוט פון דער בעגריסונג צו א פערבייגעהער, אויפהערען צו רעדען.

אויב עמיצער שטעלט אָב אין גאַס מיט א פראַגע, זאָל מען איהם העפליך ענטפערען, קורץ און דייטליך, אזוי, אַז יענער זאָל בעקומען א ענטפער. דערביי זאָל מען אויף א ווייַלע זיך אָבשטע־לען מיט'ן פרעמדען. א מאַנספערזאָן דאַרף דערפאַר דאַנקען מיט'ן אראָבנעמען דעם קאַפעליוש, א פרוי דאַרף געבען א שאָקעל מיט'ן קאָפּ, אויף וואָס דער מאַנספערזאָן ענטפערט מיט'ן ציהען דעם קאַפעליוש.

עס איז א אַלט־יודישער מנהג, אַז מען טרעפט א לויה אין גאַס, קעהרט מען זיך אום און מען געהט מיט עטליכע טריט, מען ערטיילט דערמיט א כבוד דעם מת; דאָס איז זעהר א שעהנער און סימפּאַטישער מנהג, וואָס יעדער דאַרף האַלטען, אפילו נישט־רעליגיעזע מענשען. וואָרום דאָס אָבגעבען דעם לעצטען כבוד א מת, איז נישט קיין רעליגיעזע פאָדערונג, דאָס איז א טהאַט פון דיין־מענשליכע בעציהונג, דאָס איז דער רעספּעקט, עהרפורכט פאַר'ן טויט.

## אין רעסטאָראַן.

פאַרהאַן פערזאָנען, וואָס האָבען א פאַלשע מיינונג, וועגען דעם אופן, ווי אזוי מען דאַרף זיך אויפפיהרען אין רעסטאָראַן; זיי מיינען, אַז פאַר'ן געלד קען מען זיין א ברייטער פריץ און פיהרען זיך פריי. מען דאַרף געדענקען, אַז אין רעסטאָראַן געפינען מיר זיך אונטער דער אונאויפהערליכער אָבסערוואַציע פון צעהנדליגער אויגען פון די איבעריגע געסט. און אויך די קעלנער בעהאַנדלען שלעכט, ווען מען פיהרט זיך אויף פראָסט. מען זאָל נישט גרינג־שעצען די מיינונג פון די קעלנערן זיי אַליין קענען געהערען צו די איינפאַכסטע און ערגסטע קלאַס מענשען, פונדעסטוועגען קענען זיי זיך אויף מענשען און מאַניערען, בלויז דערפון, וואָס זיי קוקען זיך צו טאָג־טעגליך צו די פערשיעדענ־אַרטיגסטע מענשען. דער קעלנער בעציהט זיך מיט פיעל גרינגשעצונג צו די געסט, וואָס זענען שלעכט ערצויגען און האָבען מיאוס'ע מאַניערען. עס וועט שוין נישט העל־פען קיין שום ביער־געלד, וואָס זיי בעקומען.

מען דאַרף דעריבער אין רעסטאָראַן גענוי אָבהיטען דעם גוטען טאָן און די מאַניערען.

בעת מען געפינט זיך אין א רעסטאָראַן ארומגערינגעלט פון פרעמדע געסט, זאָל מען זיך האַלטען פונקט אזוי ווי מען וואָלט געווען אויף א באַל, אָדער אויף א אויפנאַהמע, קאָרעקט, רוהיג און מיט ווירדע.

אין א רעסטאָראַן איז ערלויבט, אז דער גאַסט זאָל מיט'ן סערוועטעל אָבווייניגען די מעסער-גאָפּעל, לעפעל פון שטויב. קיין טעלער זאָל דער גאַסט קיינמאָל נישט אליין אָבווישען פון שטויב. אויב עפּעס איז נישט ריין, קען מען הייסען דעם קעלנער דאָס אויסטווישען.

אויב עפּעס פון עסען געפעלט נישט, קען מען הייסען דעם קעלנער, ער זאָל דאָס אויסטווישען, אָבער נאָר אין דעם פאַל, ווען מען האָט דאָס נאָך נישט בעריהרט און נישט איינגעשניטען.

יעדע בעמערקונג, וואָס מען מאַכט צום קעלנער, זאָל נישט זיין בעפעהלעריש, נישט מיט פּרעטענזיעס און נישט מיט נערוועז. מען קען מיט איינפאַכע און העפליכע ווערטער בעמערקען, אז מען בעט אויסטווישען דעם טעלער, אָדער אָנשטאָט דעם פלייש, וואָס זעהט אוים שלעכט, זאָל מען געבען א אַנדערע זאַך.

אויב מען ווייזט דערביי ארוים גראָבקייט, אָדער נערוועז, ווערט דער קעלנער דערצערענט, עס ענטשטעהט א צאַנקעריי, דאָס ציהט די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע געסט, און אין רעזולטאַט האָבען מיר אָנשטאָט א פערוויילונג, אָנשטאָט צוצונעמען געזונד פון מאָהלצייט, פערלירט מען דאָס געזונד און דעם הומאָר.

מען קען זיין פעסט און גלייכצייטיג אויך העפליך צום קעלנער, נאָר אזוי ארום צווינגט מען איהם צו בעציהען זיך מיט דעם גרעסטען רעספּעקט.

דאָס רופען אַלע מאָל דעם קעלנער מיט א בעפעהלערישען טאָן, האָט דעם רעזולטאַט, אז דער גאַסט ווערט שלעכט בעדינט. אויב דער קעלנער איז צו-פויל, ער בעדינט צו-פאַמעלעך, אָדער ער פערהאַלט זיך שלעכט, זאָל מען נישט האָבען קיין פּרעטענזיעס צו דעם קעלנער, עס איז אין אַזעלכע פאַלען גלייכער זיך צו בע-

קלאָגען פאַר'ן פּערוואַלטער פון רעסטאָראַן און בעטען אַ אַנדערן קעלנער. דערביי זאָל מען אַלץ זיין רוהיג, נישט דענערווירען זיך. נאָר מיט אַזאַ פערהאַלטען זיך, וועט מען קיינמאָל נישט האָבען קיין אונאַנגענעמליכקייטען.

מען קען פון קעלנער פערלאַנגען אַלץ, וואָס עס איז נויטיג, כדי צו ווערען גוט בעדינט ביים עסען. מען קען בעטען טיש-בעשטעק, וויפיעל מאָל עס איז נאָר נויטיג, סערוועטלעך, שוועבע-לעך צו פעררויכערען פּאַפּיראָסען א. ד. ג. אין די רעסטאָראַנען, וואו עס זענען פאַרהאַן געהילף-קעלנערס (פּיקאָלאָס), דאַרף מען ווענדען די קליינינקייטען זיך ווענדען צו זיי. נישט צו די הויפּט-קעלנער.

אַריינגעהענדיג אין אַ רעסטאָראַן, דאַרף מען די פרויען אַריינ-לאָזען פריהער דורך דער טהיר אין לאָקאַל אַריין, אינעווייניג דאַרף שוין דער מאַנספּערזאָן געהען פריהער, כדי אויסצוזוכען אַ געהעריג אָרט, אָדער טישעל.

ביים טישעל דאַרף דער מאַנספּערזאָן העלפען דער דאַמע אויסטהון דעם מאַנטעל (אויב זי האָט נישט אויסגעטהון ביי דער גאַרדעראָבע), דער מאַנספּערזאָן דאַרף זיך נישט זעצען פריהער, ביז די דאַמע, וועלכע מען בעגלייט, האָט זיך געזעצט. אויב דאָס איז אין אַ צוקערניע, וואו מען זיצט אין אַ מאַנטעל, דאַרף אַלץ דער מאַנספּערזאָן וואַרטען מיט'ן אַוועקזעצען זיך, ביז זי זעצט זיך אויפ'ן פּלאַץ.

די אויפגאַבע פון דער פרוי איז, נישט צו לאָזען דעם מאַן צו-לאַנג שטעהן און וואַרטען, ביז זי וועט זיך קענען אַוועקזעצען. אַ קליינעם ביישפּיעל: אַריינגעהענדיג אין די גרויסע צוקערניעס. טהון אויס די מענער די אויבערמאַנטלען און די דאַמען געהען אַריין אויפ'ן זאַל אָנגעטהון אין זייערע מאַנטלען. ווען מען קומט צו צום טישעל, הייבט-אָן די דאַמע אויפצוקנעפּלען דעם מאַנטעל און אויפצוקניפּען די „הינטער-בענדלעך" און דאָס דויערט שעהנע מינוטען און דער מאַנספּערזאָן, וואָס וויל נישט זיין גראָב, מוז שטעהן. זי שטעלט דעם מאַן אין אַ נאַרישע פּאָזיציע און אַליין איז זי אין אַ נאָך ערגערע סיטואַציע אין די אויגען פון פּובליקום.

די פרוי דאַרף דאָס אויסמיידען, ווען דער מאַנספּערזאָן גיעט אַזועק זיין מאַנטעל אין דער גאַרדעראָבע און מען געהט אריין אין צוקערניע-זאַל, דאַרף זי וויסען, אַז מען וועט זיך דאַרפען אוועקזעצען, דאַרף זי שוין געהענדיג אין זאַל, צום טישעל-צו, אויפּשפּיעלען די קנעפּ און אויפּבינדען די בענדלעך, כּדי ביים טישעל זאָל זי אין אַ קורצע ווײַלע אַרום זיך אַוועקזעצען, כּדי דער מאַן זאָל אויך קענען זיך אַוועקזעצען.

געוועהנליך, אַז מען קומט אריין אין אַ רעסטאָראַן אָדער צוקערניע, קלויבט מען זיך אויס אַ טישעל, מען דאַרף אָבער זיך צוקלויבען אַ טישעל לויט דעם געברויך. עס איז אַ שטייגער אַ אונזין, אַז איין פּערזאָן, אָדער צוויי פּערזאָנען זאָלען פערנעמען אַ גרעסער טישעל פאַר פיער פּערזאָן.

אויב אין רעסטאָראַן איז פול געפּאַקט, קענען די קעלנער אַוועקזעצען די געסט ביי בשותפותדיגע טישלעך, איין פּערזאָן אָדער צוויי קען מען צוזעצען צו אַ גרעסער טישעל, ביי וועלכען עס זענען פריי די איינציגע ערטער. מען קען זיך צוזעצען דורך דער פערמיטלונג פון קעלנער, און מען קען אַליין בעטען ערלויבען צוזעצען זיך. אין יעדען פאַל אָבער מוז דער גאַסט פרעגען ביי די, וואָס זיצען ביים טישעל, צי מען ערלויבט איהם זיך צוזעצען. די, וואָס זיצען, דאַרפען העפליך ערמוטיגען און ענטפערען: „ביטע זעהרן". אין אַזעלכע פאַלען איז עס נישט נויטיג זיך צו בעקאַנען מיט די, וואָס זיצען ביים טישעל, מען קען עסען, טרינקען און זיך צוהערען צום ביהנע-פּראָגראַם פון רעסטאָראַן, און זיך נישט אריינמישען אינ'ם געשפרעך פון די איבעריגע, וואָס זיצען ביים טישעל. ווער עס שטעהט-אויף פריהער פון טישעל צום אַוועקגעהן, בעגריסט זיך מיט פערנייגען זיך.

אין זעהר אויסנאַהמספאַלען, ווען מען זעהט, אַז מען האָט ביים טישעל העכסט-העפליכע מענשען, קען מען זיך אויך אריינלאָזען מיט זיי אין אַ געשפרעך, אויב די מיידען דאָס נישט אויס.

אויב אין רעסטאָראַן קומט אַ גרעסערע געזעלשאַפט, דאַרף איינער זיין דער „קאָפּ" פון דער געזעלשאַפט, ער דאַרף בעשטעלען דאָס עסען, ער דאַרף בעטען עסען, ער דאַרף צאָהלען.

פרויען דאַרפען נישט געהען אין רעסטאָראַן אריין אין אָוונד, אָהן בעגלייטונג פון מענער-געזעלשאַפט.

אויב א פרוי איז אין געזעלשאַפט פון א מאַנספּערזאָן, דאַרף זי קיינמאָל נישט בעשטעלען ביים קעלנער, זי דאַרף קיין שום זאַך נישט בעטען און פערלאַנגען פון קעלנער, אַלעס דאַרף ערלעדיגען דער מאַנספּערזאָן, ער דאַרף בעשטעלען דאָס עסען, ער דאַרף אַלעס פערלאַנגען. פרויען דאַרפען קיינמאָל נישט בעצאָהלען אין רעסטאָראַן. אפילו עס איז אַזאַ פאַל, וואָס די פרוי בעצאָהלט פאַר זיך, אָדער פאַר׳ן גאַנצען עסען, דאַרף אויך דער מאַנספּערזאָן בעצאָהלען, און שפּעטער, אויסער דעם רעסטאָראַן, דאַרפען זיי זיך אויס-רעכענען און צוריקצאָהלען.

ווען עס געהט א גרעסערע גרופּע פּערזאָנען, מענער מיט פרויען, דאַרפען די מענער בעצאָהלען פאַר די פרויען, דער אויס-רעכענונג צווישען די מענער דאַרף פאָרקומען צווישען זיך, אויף א פיינעם אופן, אַזוי, אַז די פרויען זאָלען נישט הערען, ווי זיי רעכענען צווישען זיך. דאָס בעליידיגט. אפילו ביי גרעסערע גרו-פּעס דאַרפען די אָנוועזענדע פרויען נישט צאָהלען פאַר זיך און דאַרפען מיט׳ן רעכנונג זיך נישט אינטערעסירען. די העפליכקייט פאָדערט, אַז די פרויען זאָלען גאָרנישט הערען, אויף וואָס פאַר א אופן די מענער האָבען צווישען זיך ערלעדיגט דעם רעכנונג.

ווען מען וויל שוין ארויסגעהען פון רעסטאָראַן, דאַרפען די מענער נישט אויפהויבען זיך פון די פלעצער פריהער פון די פרויען. די מענער קענען געבען א פרעג, צי מען וויל שוין געהן, דאַן דאַרפען די פרויען אויפשטעהען.

די מענער דאַרפען העלפען די פרויען ביים אָנטהון די מאַנטלען, אויב דאָס הויבען-אָן די קעלנער, דאַרף יעדער מאַנספּער-זאָן, ארויסנעמען דעם מאַנטעל פון קעלנער׳ס האַנד און אַליין העלפען זיין דאַמע אָנטהון.

דער מאַנספּערזאָן דאַרף בעגלייטען אַהיים די פרוי, מיט וועלכע ער האָט פערברענגט אין רעסטאָראַן, אויב עס איז דאָ א נעהנטערער בעגלייטער, דאַרפען די איבעריגע הערען, זיך גע-זעגענען ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

זיצענדיג אין רעסטאָראַן, דאַרף מען וויסען, אַז מען איז נישט אַליין, אַז עס זיצען נאָך מענשען, וועלכע אָבסערווירען אַלעמען. מען דאַרף דעריבער מיט'ן זיצען און מיט'ן פערבּרענגען, זיך אויפ-פיהרען אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט קענען אויסלאַכען. מען קען זיין אין אַ גוטע, פרעהליכע שטימונג און נישט מאַכען קיין געפּילדער.

אויב עס זיצט אין רעסטאָראַן אַ פּאָרל, אַ מאַנספּערזאָן מיט אַ פרוי, דאַרפען זיי זיך בעמיהען נישט צופיעל אַרויסצווייזען זייערע געפיהלען און סענטימענטען. דערויף זענען פאַרהאַן אַנ-דערע ערטער, אין אַ רעסטאָראַן דאַרף מען וויסען אַ גרעניץ.

פאַרהאַן מענער, וואָס זיצענדיג אין רעסטאָראַן מיט אַ פרוי, ערלויבען זיי זיך צו-אָפּט צו קושען איהר די האַנד. דאָס קען גע-שעהן איין מאָל, ווען דאָס איז נויטיג ביים געשפּרעך, אָבער דאָס ווידערהאָלען זעהר אָפט, רופט אַרויס די אויפמערקזאַמקייט און נעלעכטער פון די אַנוועזענדע אין זאַל.

אין אַ רעסטאָראַן, אין וועלכען עס איז אָנגענומען, אַז מע-נער זיצען אָהן אויבערמאַנטעל און אָהן קאַפּעליוש, איז נישט שעהן אַריינצוגעהן אין זאַל אינ'ם מאַנטעל און זיך אַוועקזעצען, מען דאַרף באַלד ביי דער גאַרדעראָבּע אָבגעבען דעם מאַנטעל.

ווען מען זעהט אין רעסטאָראַן בעקאַנטע, אַפילו נאָהנטע פריינד, דאַרף מען נישט צוגעהן צו זיי, מען קען פערבּייגעהענדיג בעגריסען, אויב די, וואָס זיצען פון פריהער גיבען מיט אַ ווינק צו פערשטעהן, אַז מען זאָל צוגעהן, קען מען צוגעהן און זיך בע-גריסען און זיך דורכרעדען אַביסעל. אויב עס זיצען אויך פרעמדע, קען מען זיך פאַר זיי בלויז פערנייגען, נישט געבענדיג די האַנד. די אַנוועזענדע פריינד, קענען פאָרשטעלען די אונבעקאַנטע צווי-שען זיך.

אויב מען ווערט צוגעבעטען צו אַ טישעל פון בעקאַנטע און פריינד, דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז זיי זענען נעגאַנגען אין רעסטאָראַן אַריין אַליין און האָבען זיך פריהער נישט אָבּגערעדט מיט אייך צו עסען צוזאַמען, דאָס איז אַלזאָ אַ צופעליגער צוזאַ-מענטרעף, דעריבער זאָל מען אַליין בעצאָהלען פאַר זיך דעם רעכנונג

און נישט דערלאָזען, אַז די פריינד, וואָס האָבען צוגעבעטען, זאָלען צאָהלען.

אינזאַ צוקערניע קענען פרויען אַליין אַריינגעהען אַ גאַנצען טאָג, און זאָגאַר אין אָוועגד. אין די גרויסע שטעדט, איז עס פיינער ווען אין אָוועגד געהען נישט די פרויען אַליין אין די גרויסע צוקערניעס, ווייל זיי קענען האָבען אונאַנגענעמליכקייטען פון אונבעקאַנטע פערזאָנען.

## אין טעאַטער, אויפ'ן קאָנצערט.

אין טעאַטער מוז מען וויסען, אַז הגם מען האָט בעצאָהלט פאַר אַ בילעט, קען מען פונדעסטוועגען זיך נישט ערלויבען אַלץ, וואָס מען קען זיך ערלויבען אין דער היים, מען דאַרף זיך רעכענען מיט די מענשען, וואָס זיצען אַרום און שאַנעווען זייער געדולד און נערוועך. עס זענען לײדער נאָך פאַרהאַן אַזעלכע מענשען, וואָס מיינען, אַז קוים האָבען זיי בעצאָהלט פאַר בילעטען, קענען זיי זיך ערלויבען אַלעס און זיך נישט רעכענען מיט די, וואָס זיצען דערנעבען. ניין! ווען מען זאָל וויסען, אַז דער בעזוכער וועט זיך נישט פערהאַלטען אַרטיג, רוהיג און, אַז ער וועט אַנדערע שטערען, וואָלט מען איהם קיין בילעט נישט פערקויפט.

עס איז זעהר נישט קולטורעל צו קומען צו דער פאָרשטעלונג שפעטער פון דער בעשטימטער צייט. ליידער איז עס אין טייל יודישע טעאַטערן אַ כראָנישע קרענק, דאָס פובליקום קומט נישט אין דער צייט און ערלויבט זיך אַריינצוגעהען אין זאַל בעת דעם שפיעלען, מיט אַ היבש ביסעל געפילדער. דאָס ווירקט שלעכט אויף די אַרטיסטען, וואָס שפּיעלען, און דאָס שטערט דעם פובליקום. יעדער דאַרף זיך בעמיהען צו קומען צו דער פאָרשטעלונג מיט אַ פאָר מינוט איידער מען הייבט-אָן שפיעלען. אויב צוליעב אַ סיבה פערשפעטיגט מען זיך, זאָל מען אינמיטען שפיעלען נישט פערנעמען דעם זיצענדיגען פלאַץ, נאָר מען זאָל ביז'ן אַנטראַקט זיך אָוועקשטעלען אין אַ זייט ביי דער טהיר, דורך וועלכע מען איז אַריינגעקומען.

אויף נאָך איין אונקולטורעלע ערשיינונג ווילען מיר אויפ-

מערקזאַם מאַכען: זעהר אָפט טרעפט עס, אַז נאָך איידער מען ענ־דיגט שפּיעלען, הייבט־אָן דאָס פּובליקום צו לויפען נאָך דער גאַרדע־ראָבע, מען האָט מורא, אַז שפּעטער וועט זיין אַ ענגשאַפט ביי דער גאַרדעראָבע, פערציכטעט מען דעריבער אויף דעם לעצטען מאָ־מענט פון דער פאָרשטעלונג. דאָס איז זעהר ברוטאַל. מען דארף נע־מען אין אַכט, אַז די גרעסטע טייל פון פּובליקום וויל יאָ מיט אויפ־מערקזאַמקייט זיך צוקוקען ביז'ן סוף פון דער פאָרשטעלונג: פאַר־וואָס זאָל מען זיי שטערען, מיט אַרויסשאַרען זיך פון פּלאַץ און מיט'ן געפילדער, וואָס מען מאַכט־אָן מיט'ן אַרויסגעהען. און נאָך מעהר דארף מען האָבען רחמנות אויף די אַרטיסטען. מען דארף בלויז זיך דערמאָנען וויפיעל מיה און אָנשטרענגונג עס ווענדען־אָן די אַרטיסטען אויף צוצוגרייטען דעם פינאַל פון דער פאָרשטעלונג, וואָס מעהר עפעקטיש, אָפטמאָל ווערט אין סוף פון שטיק אויפ־געוויקעלט דער גאַנצער קנויל, וואָס האָט זיך געוויקעלט בעת דער פאָרשטעלונג. מיט'ן אויפשטעלען זיך פון די פּלעצער און מיט'ן אַרויסגעהען צו דער גאַרדעראָבע, צוטומעלט מען די אַרטיסטען און זיי פערלירען די גלייכגעוויכט.

פאַרוואָס־זשע זאָל מען צוליעב איינינע מינוט גערולד, פער־שפּאַרען אַזוי פיעל אומשטענדען, פאַרוואָס זאָל מען צוליעב אַ קליינע בעקוועמליכקייט צושטערען אַלע אַרטיסטישע פּלענער פון טעאַטער? אַ קולטורעלער און גוט־ערצויגענער מענש דארף אונבע־דינגט אויסמיידען פון אַרויסגעהען פון טעאַטער, זיצענדיג אויף אַ פאַרטער־פּלאַץ, איידער מען ענדיגט די פאָרשטעלונג, אויב מען וויל פאָרט נישט שטופּען זיך ביי דער גאַרדעראָבע, איז בעסער אַרויס־צונעמען די מאַנטלען פון דער גאַרדעראָבע בעת דעם לעצטען אַנ־טראַקט.

אין דער מינוט, וואָס דער אָרקעסטער הייבט־אָן צו שפּיעלען, אָדער ביי אַ פּיעסע, ווען די פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, דארף מען אויפהערען רעדען און מען דארף אָנהויבען זיך אינטערעסירען מיט דער פאָרשטעלונג. אין דער צייט, וואָס עס דויערט דאָס שפּיעלען דארף מען נישט רעדען צווישען זיך, און מען דארף אויך נישט גע־בען צו פערשטעהען די פּערזאָן, מיט וועלכע מען זיצט, ווענען דעם

שטיק, וואָס מען שפּיעלט, מען דאַרף נישט אָנווייזען אויף די אַר־טיסטען. מיט איין וואָרט, מען דאַרף זיך אָבהאַלטען פון יעדען אַרט געשפּרעך בעת דער פאָרשטעלונג. וועגען די אַלע זאַכען קען מען רע־דען ביי די אַנטראַקטען.

ספּעציעל דאַרפען דאָס נעמען אין אַכט די, וואָס זיצען אין פּאַרטער. מען דאַרף געדענקען, אַז די אַרטיסטען און דאָס פּובלי־קום זענען פיהלבאַר אויף דעם שטילסטען געשפּרעך, וואָס מען פיהרט צווישען זיך, אַפילו אין די וויטערדיגע פּלעצער. דאָס שטערט זעהר שטאַרק די, וואָס זיצען דערנעבען, צו הערען גוט די פאָר־שטעלונג.

ביים אַנטראַקט קען מען זיין פרייער, מען קען אַרויסגעהען אין פאָיע, מען קען שמועסען, וועגען דער פאָרשטעלונג און וועגען די אַרטיסטען, אָבער מען דאַרף צוריק פערנעמען דאָס אָרט בע־צייטענס, כדי עס זאָל נישט אויסקומען צו געהען צווישען די ריי־הען פּלעצער, ווען מען האָט שוין אָנגעהויבען שפּיעלען. דאָס אריינ־געהען נאָכ׳ן אַנטראַקט צושפּעט, ווען מען שפּיעלט שוין, איז אַ בע־ווייז, אַז דער פּערזאָן פעהלט די מינדעסטע מאָס קולטור.

דורכגעהענדיג דורך דער רייה פּלעצער, צום אייגענעם פּלאַץ, זאָל מען נישט געהען מיט די פּלייצעס צו די זיצענדע פון דער זעלבער רייה, נאָר געווענדט צו זיי מיט׳ן געזיכט.

ביי די אַנטראַקטען אין טעאַטער קען מען צוגעהען נאָר צו די בעקאַנטע און פריינד און מיט זיי זיך בעגריסען און רעדען, צו וועלכע מען קומט מיט וויזיטען אהיים, אָדער מיט וועלכע מען אַר־בייט צוזאַמען און מען פערבּרענגט צוזאַמען. צו אַנדערע בעקאַנטע דאַרף מען בלויז זיך גריסען פונדערווייטענס. אויב צוזאַמען מיט די בעקאַנטע און פריינד זענען פאַרהאַן אין זייער געזעלשאַפט אויך אַזעלכע, וועלכע מיר קענען נישט, דאַרף מען נישט צוגעהען, נאָר פערבייגעהענדיג זיך גריסען. מען קען צוגעהען נאָר דעמאָלט, ווען די געזעלשאַפט מאַכט אַ בעוועגונג ווי צוגעהענדיג צו אונז.

אויב אַ מאַנספּערזאָן איז אין דער געזעלשאַפט פון ווייב אָדער אַנדערע פרוי, זאָל ער זי נישט לאָזען אַליין און צוגעהען זיך בעגרי־

סען מיט אנדערע. אויב זי בלייבט אין דער געזעלשאפט פון פריינד, קען ער יאָ צוגעהען אויף א קורצע ווייל.

אויב מען איז אין א געזעלשאפט פון פרויען, דארף מען זיי אָבגעבען די בעסטע און בעקוועמסטע פלעצער. אין א לאָזשע דאר־פען די פרויען זיצען אויף די פאָדערשטע פלעצער.

אין דייטשלאנד איז אָנגענומען, אז מען נעמט זיך מיט אין טעאטער אריין, פוטערשניטען מיט ברויט און זעמעל, דאָ אין פוי־לען איז דאָס נישט איינגעפיהרט, דעריבער מוז מען זיך צופאסען צו אונזערע היגע געוואָהנהייטען, מען דארף אין טעאטער־זאל נישט עסען קיין פוטערשניטען. עס איז פיינער און בעסער צו דערכאפען זיך דאָס הארץ מיט א וואפעל, מיט צוקערווארג און שאָקאָלאד.

אויב א מאנספערזאָן ווערט דורך א פאמיליע איינגעלאדען צו געהען מיט זיי אין טעאטער אריין, איז עס שעהן און פאסיג פאר דעם גאסט צו קויפען א באָנבאניערע. מען דארף דאָס דער־לאנגען אין טעאטער דער דאמע.

אויב א מאנספערזאָן געהט מיט א בעקאנטע פרוי אָדער מיי־דעל אין טעאטער אריין, מאכט עס אויך א גוטען איינדרוק צו קוי־פען איהר א באָנבאניערע.

דאָס קויפען א באָנבאניערע איז אבסאָלוט נישט קיין פליכט, אפילו ווען מען טהוט דאָס נישט, איז עס נישט קיין פערברעך געגען די גוטע זיטען. פונדעסטוועגען דארף מען וויסען, אז עס זענען פאר־האַן געלעגענהייטען ווען דאָס קויפען די באָנבאניערע פאר דער דא־מע איז דאָך א נויטווענדיגקייט, וואָס מאכט אנגענעהמער דאָס פערברענגען מיט איהם און ער געווינט די סימפאטיע פון דער פרוי. די בעסטע געלעגענהייט צו געבען א פרוי א באָנבאָניערע, איז טאקי אין טעאטער, אָדער אפילו ווען א נאָהנטע געהט אין טעאטער אריין און דער, וואָס איז בערעכטיגט צו געבען א באָנבאניערע, געהט גראָד נישט.

די באָנבאנירע דארף מען דערלאנגען די דאמע, זי עפענט און איז מכבד די אָנוועזענדע, אויב מען איז אין געזעלשאפט בלויז פון איין פערזאָן, איז זי מכבד דעם מאנספערזאָן, ער בעט זי זאָל נעמען פריהער, נאכהער נעמט ער א טשעקאלאדקע.

אויב נאָך דער פאָרשטעלונג זענען אין שאַכטעל געבליבען שאָקאָלאַד, דארף די דאַמע צונעמען דאָס אהיים, זי דארף נישט אָנביטען דעם מאַנספּערזאָן, אז ער זאָל זיי צונעמען. דערמיט פער־שעמט זי איהם.

אין טעאַטער אָדער אין פּאָיע זאָל מען נישט רעדען הויך אויפ'ן קול, וועגען דעם שפּיעלען פון די ארטיסטען און וועגען דעם שטיק. דאָס פּובליקום האָט קיינמאָל נישט קיין איינהייטליכע מיינונגען וועגען אַ זאַך, עס איז דעריבער בעסער, ווען מען זאָגט ארויס די קריטישע מיינונגען אין דער שטיל, אז דאָס זאָלען נישט הערען די זייטיגע מענשען.

## אין אַמט, אין באַנק, אויף פּאָסט.

אויך ווען מען ערלעדיגט געשעפטליכע אָנגעלעגענהייטען, דארף מען אָבהיטען געוויסע פּרינציפּען פון גוטע זיטען. דאָ דארף מען אָבער זיך בעמיהען אָבצוהיטען די אָנגענומענע אָרדנונג און זי נישט שטערען, כדי צו קענען זיין אַ דזשענטעלמען אין בעצוג צו בעקאַנטע פרויען.

ווען מען שטעהט אין דער רייהע ביי אַ קאַסע אין באַנק, פּאָסט, אָדער ביים טעאַטער, און מען דערזעהט אריינקומען אַ בע־קאַנטע פרוי אָדער פריילין, וועלכע מוז זיך שטעלען צום סוף פון דער רייהע, איז דער בעקאַנטער מאַנספּערזאָן נישט מחויב אָבצו־טרעטען זיין נאָהנטען פּלאַץ פאַר דער פרוי. מען דארף נעמען אין אַכט, אז דער מאַנספּערזאָן האָט צו ערלעדיגען געשעפטען און קען זיך נישט ערלויבען אויפסניי זיך אָוועקצושטעלען פון הינטען אויב זיין פּלאַץ אָבטרעטען פאַר דער בעסטער בעקאַנטער פרוי. מען קען זיך שעהן בעגריסען און ווייטער שטעהן אויפ'ן אָרט, כדי צו ערלעדיגען די זאַך.

ווען דער מאַנספּערזאָן האָט אַ געלעגענהייט צו קענען אין דעם הינזיכט מיט עפּעס דינען זיין בעקאַנטע פרוי, דארף ער דאָס טהון. אָבער ער איז נישט פערפליכטעט דערביי צו ברעכען די הערשענדע אָרדנונג, ער דארף נישט זיך אונטערנעמען צו ערלעדי־

גען איהר זאַך ביי דער קאַסע, אָהן דער איינשטימיגקייט פון די, וואָס שטעהען אין דער רייה הינטער איהם.

זעהר אָפט געשעהט עס, אז שטעהענדיג אין דער רייה ביי א קאַסע, אָדער אין א אמט, ווערט מען דענערווירט, ווייל דער בע-אַמטער ערלעדיגט צו לאַנגזאַם, אָדער ער בענעהט א אונרעכט געגען דער אָנגענומענער אָרדנונג. אין אַזעלכע פאַלען איז בעסער צו האָבען די פאָלשטענדיגע גלייכגעוויכט און נישט ארויס מיט געררוען. מען קען מיט גוטע רייד אויפמערקזאַם מאַכען דעם בע-אַמטען, אז ער בענעהט א אונרעכט, וואָס ער ערלעדיגט נישט לויט דער אָנגענומענער אָרדנונג. און ווידער דאָס בייזערען זיך אויף א בעאַמטען, וואָס ארבייט צו לאַנגזאַם, האָט קיינמאָל נישט קיין ערפאָלג. עס איז שוין בעסער צו האָבען געדולד. אויב די טאַקט-לאָזע האַנדלונג פון א בעאַמטען געהט אַריבער יעדע גרעניץ, איז עס בעסער צו ווענדען זיך מיט א מינדליכע אָנקלאַגע צו א העכערען בע-אַמטען, צום שעף פון ביוראָ, אָבער נישט איינ׳טענה׳ען מיט דעם בעאַמטען.

### אויף דער רייזע

פערזאָנען, וואָס דאַרפען מאַכען א רייזע פון עטליכע שעה אָדער נאָך לענגער, דאַרפען וויסען, אז ביים אריינקומען אין וואַגאָן, דאַרף מען באַלד ארויסווייזען א פריינדשאַפטליכע און גוטע בעציהונג צו די מיטרייזענדע און בשום-אופן דאַרף מען נישט ארויסרופען קיין אונווילען פון זיי. מען דאַרף דאָך געדענקען, אז עס וועט אויסקומען א לענגערע צייט צו זיין צוזאַמען מיט די מיט-רייזענדע אין איין קופע, אין איין וואַגאָן, און ווי שלעכט און אונ-אַנגענעם עס איז, ווען דער ערשטער אריינקום אין וואַגאָן שאַפט באַלד א גרעניץ צווישען די מיטרייזענדע.

מיר מוזען ליידער בעמערקען, אז עס זענען פאַראַן זעהר פיעל פערזאָנען, וואָס זייער אריינשטייגען אין וואַגאָן קומט-פאָר מיט א געפילדער און מיט אַזא טעמפּאָ, וואָס רופט ארויס א שלעכ-טע מיינונג ביי אַלע איבעריגע פּאַסאַזשירען. אַזעלכער געפינט

באלד אַ מאַטיוו צו קריגען זיך פאַר אַ פּלאַץ, עס דוכט זיך איהם, אַז מען טהוט איהם אַ עולה, ער פאָדערט פון אַלע מען זאָל איהם בעדינען, ער רעכענט זיך נישט מיט'ן באַגאַזש פון די אַנדערע פּאַסאַזשירען און אָהן זייער ערלויבניש, רוקט ער און שטעלט איבער זייער באַגאַזש, מיט וואָס ער קען אַמאָל מאַכען אַ שאָדען.

די, וואָס עס קומט זיי אויס אָפּט צו רייזען, ווייסען, וואָס פאַר אַ שלעכטען איינדרוק אַזעלכע פּאַסאַזשירען מאַכען אויף אַלעמען. אַזעלכער ווערט ווי אָבגעזונדערט, און קיינער האַלט זיך נישט אונטער מיט זיי.

אויב עס איז דאָ צייט, דער צוג געהט נישט אָב באַלד, דאַרף מען נישט לויפען אין וואַגאָן אריין מיט געפּילדער. דאָס איז דער ערשטער בעוויז פון שלעכטע מאַניערען, פון דאָרפישע געוואָהנהייטען. מען קען רוהיג זיך פערנעמען אַ פּלאַץ. און אויב דאָס געלונגט נישט אין איין וואַגאָן, בעקומט מען דאָס אין די ווייטערדיגע וואַגאָנען. דער אופן, ווי אַזוי מען שטייגט איין אין וואַגאָן אריין, איז דער ערשטער און בעסטער אָנזאָג, וואָס פאַר אַ מענש מען האָט פאַר זיך.

ווען מען שטעהט שוין אין וואַגאָן און מען האָט זיך שוין איינגעאָרדענט אויפ'ן פּלאַץ, דאַרף מען נישט זיין קיין אינפּאָרמאַטאָר פאַר די אַנדערע פּאַסאַזשירען, וואָס זוכען פּלעצער, צי עס איז יאָ פאַרהאַן פרייע פּלעצער, אָדער נישט. מען דאַרף געבען די געלעגענהייט, יעדער זאָל אַליין זעהן צי עס איז פאַרהאַן אַ פרייער פּלאַץ, אָדער אַלע זענען שוין פערנומען. עס איז זעהר אונקולטורעל, אונמענשליך, צו בעהאַלטען פּלעצער און זאָגען, אַז זיי זענען פערנומען. יעדער האָט רעכט אויף אַ פּלאַץ.

ווען אַ פרוי וויל איינשטייגען אין וואַגאָן און זי האָט אַ קליינעם האַנד-באַגאַזש, קען מען איהר העלפען אריינגעמען דעם באַגאַזש אין וואַגאָן אריין און איינאָרדענען. אויב זי האָט גרויסע וואַליזקעס, איז מען נישט מחויב צו הייבען זיי אריין, דער מאַנספּערזאָן קען זיין אַ דזשענטעלמען, אָבער ער דאַרף נישט פערטרעטען קיין באַהן-טרעגער.

אויב מען פאָהרט אַ לענגערע שטרעקע, איז דער מאַנספּערזאָן

נישט פערפליכטעט אָבצוטרעטען זיין פּלאַץ פאַר אַ פרוי, וואָס האָט נישט וואו צו זיצען. אָבער דער מאַנספּערזאָן דאַרף מיט אַלע מיטלען זיך בעמיהען איהר צו העלפען צו שאַפען אַ אָרט מיט׳ן צוזאַמענרוקען זיך, און דאָס גלייכען. אויב עס איז פּאָרט נישט פאַרהאַן קיין פּלאַץ, דאַרף דער גוט-ערצויגענער מאַנספּערזאָן זיך טיילען מיט׳ן פּלאַץ מיט איהר. ווען ער בעמערקט, אַז די פרוי ווערט שטעהענדיגערהייט ערמידעט, דאַרף ער איהר אָבטרעטען זיין פּלאַץ. אין אַזעלכע פאַלען דאַרף די גוט-ערצויגענע פרוי וויסען, דאָס נאָך אַ געוויסע צייט ווידער אָבצוטרעטען איהר פּלאַץ פאַר דעם דזשענטעלמען.

פון דער אַנדערער זייט, דאַרף מען אין דער רייזע נישט זיין אַזוי צוגעלאָזען, אַזוי לייכט צום בעפריינדען זיך מיט יעדען פרעמדען. מען מעג זיין אַביסעל צוריקגעהאַלטען און נישט-פערטרויעריש. מען קען דאָך נישט וויסען ווער עס איז אונזער מיטרייזענדער. אפילו אַ גנב קען זיין אויסערליך אַ דזשענטעלמען מיט גוטע מאַניערען. מען קען דעריבער רעדען און אונטערהאַלטען זיך פריינדליך און דערביי זיך האַלטען אין רעזערוו.

ספּעציעל זאָלען דאָס נעמען אין אַכט פרויען און פערזאָנען, וואָס פיהרען געלד מיט זיך. דעם אונבעקאַנטען מיטרייזענדען זאָל מען נישט שענקען צופיעל צוטרויען, דאָס קען דאָך זיין אַ פרויען-הענדלער, אַ גנב אָדער אַ אַפּעריסט.

מען דאַרף אָבער האָבען נענוג טאַקט נישט אַרויסווייזען צו די מיטרייזענדע דעם אונצוטרוי. מען קען פּלוידערען און דערצעהלען פערשיעדענע זאַכען, און דערביי זיין פאָרזיכטיג.

יעדער דאַרף זיך בעמיהען נישט צו זיין בעלאָדענט מיט קליינע פּעקעלעך און טלאָמאָקעס, וועלכע זענען שלעכט און פערנאַכלעסיגט אייננעפּאַקט. אַ אמת-קולטורעלער מענש בעמיהט זיך צו האָבען וואַליזען מיט וואָס ווייניגער קליינע פּעקעלעך, דאָגעגען מאַכט אַ זעהר אונסימפּאַטישען איינדרוק אַ פּאַסאַזשירקע אָדער אַ פּאַסאַזשיר, וואָס האָט אַ סך פּעקלעך און יעדע מינוט דאַרף מען צוקומען צו אַ אַנדער פּעקעל עפּעס אַרויסצונעמען פון דאָרטען. דאָס איז פשוט העסליך און אָבשטויסענד.

אויב מען נעמט זיך מיט עסען אויפ'ן וועג, זאָל דאָס זיין אזוי איינגעפאקט, און אזוי געאָרדענט, אז דאָס זאָל נישט ארויס־רופען קיין עקעל אין וואגאָן. פוטערשניטען פון ברויט, זעמעל מיט פלייש, אָדער פוטער, דארפען זיין איינגעוויקעלט אין ריין־ווייס פאפיר, נישט אין צייטונגס־פאפיר, מען דארף האָבען עטליכע סערוועטלעך אָדער אַ האנדטוך צום אָבווישען די הענד נאָכ'ן עסען. מען דארף אויך נישט עסען האָבענדיג די וואַליזע אויף דער קניה. מען קען ארויסנעמען, וואָס מען דארף, די וואליזע שטעלען צוריק אין דער הויך, אָדער אונטער די פיס, ווען עס איז פאראַן גענוג פלאַץ איז בעסער צו שטעלען די וואליזע אין דערנעבען, און נאָכ'ן עסען צוריק אוועקשטעלען אויפ'ן אָרט.

אָבפאלעכץ פון עסען, פאפיר א. ד. ג. דארף נישט בלייבען ליגען אין וואגאָן אויף דער פאָליצע אָדער אויף אַ באנק. דאָס דארף מען איינוויקלען אין פאפיר, און ארויסווארפען דורכ'ן פענסטער, אָדער מען דארף דאָס ארויסטראָגען פון וואגאָן און אוועקווארפען אויפ'ן געהעריגען אָרט.

פאראַן מענשען, וואָס אויף דער רייזע טהון זיי זיך אָן אין די ערגסטע, שמוציגסטע קליידונג, דאָס איז נישט ריכטיג. אמת, אז אויף דער רייזע דארף מען זיך נישט אָנקליידען אין רייכע קליידער, אָבער מען דארף זיין פונדעסטוועגען פיין און ציכטיג גע־קליידעט, אַ פיינעם, ריינעם מאנטעל, אַ אָנשטענדיגען אנצוג, אָדער קלייד.

אויב מען פאָהרט ביינאכט אין אַ אלגעמיינעם וואגאָן, און מען וויל שלאָפען, דארף מען זיך נישט אויסטהון די קליידער. דאָס אויסטהון דעם קאָלנער, מארינארקע און שיך מאכט זעהר אַ אונסימפאטישען איינדרוק. אויב מען וויל שלאָפען, מוז מען זיך צולעגען אין דער קליידונג.

אריינקומענדיג אין אַ וואגאָן, וואָס די גרעסטע טייל פלעצער זענען שוין בעזעצט, דארף מען זיך פרעגען די פאסאזשירען, צי עס איז פאראַן אַ פרייער פלאַץ. אויב מען ענטפערט, אז די פלעצער זענען שוין פערנומען, טאָר מען זיך נישט אוועקזעצען.

ערשט ווען אַלע פּאַסאַזשירען זיצען און זיי מאַכען אַ פרייען זי־
צענדען פּלאַץ, קען מען איהם פערנעמען.

ווען מען שטייגט אויס פון וואַגאָן, דאַרף מען זיך אין אַל־
געמיין געזעגענען. אויב מען האָט ביי דער רייזע זיך לענגער אונ־
טערהאַלטען מיט אַ נעבען־זיצענדען, קען מען מיט איהם ספּעציעל
זיך געזעגענען. אויב אין געשפּרעך מיט אַ פּאַסאַזשיר האָט זיך
אַרויסגעשטעלט, אַז ביידע האָבען געמיינזאַמע בעקאַנטע, קען מען
זיך פאָרשטעלען און זיך בעקאָנען.

פאָהרענדיג איז וואַגאָן דאַרף מען זיך בעמיהען נישט צו
רייצען די געפיהלען פון די אַנדערע און נישט טהון דאָס, וואָס אַנ־
דערע קענען נישט פערטראָגען. מען דאַרף זיין העפליך צו אַלעמען
און זיך רעכענען מיט די געפיהלען פון די מיטרייזענדע.

## פאמיליען - פייערליכקייטען

### אויף א חתונה.

די שווערע עקאָנאָמישע בעדינגונגען, אין וועלכע מיר געפינען זיך נאָך דער מלחמה, האָבען שטארק פעראיינפאכט די צערעמאָניעס פון די טראדיציאָנעלע פאמיליען-פייערליכקייטען. די פערלאָבונג און די חתונה ווערען שוין נישט געמאכט מיט אזוי פיעל פאראד און פייערליכקייט, מען איז געוואָרען שפּאָרזאם און פראקטיש.

א פערלאָבונג קומט-פאָר געוועהנליך ביי דער כלה אין שטוב. פונדעסטוועגען קען דעם חתנ׳ס צד אויך איינלאדען עטליכע געסט. אָבער טאקי נאָר עטליכע געסט פון די סאמע נאָהנטע פאמיליע, ווי ברידער, שוועסטער, שוואָגערס און שוועגערינס פון דעם חתן. קיין שום ווייטערע פאמיליע דארף דער חתן נישט מיטברענגען, אויסער נאָר אין זעלטענע פאלען.

אין אלגעמיין ווערט צו א פערלאָבונג איינגעלאדען נאָר נאָהנטע קרובים, אפילו פון דער כלה. קיין קאָלעגעס און פריינד און פריינדינס ווערען נישט איינגעלאדען צו דער אָפיציעלער פערלאָבונגס-צערעמאָניע.

צו א פערלאָבונגס-צערעמאָניע דארף מען נישט שיקען קיין בעגריסונגען, נישט קיין מתנות. דער חתן אליין קען שיקען צו דער כלה א בינטעל בלומען, און ער קען איהר געבען דעם געהעריגען פערלאָבונגס-פּרעזענט. יעדענפאלס דארף דער טאָג פעראייביגט ווערען מיט עפּעס א מתנה, א אָנדענקונג.

די קליידונג און די פערהאלטונג אויף א שטילע חתונה איז גאנץ אנדערש, ווי צו א פייערליכע חתונה.

אויף א שטילע חתונה, ווען די חופּה קומט-פאָר ביים רב, אָדער אפילו אין שטוב פון דער כלה, דארף די כלה טראָגען א בע-שיידען באל-קלייד, זאָגאר אין א וויזיט-קלייד, נישט ווייס. דער

חתן דארף זיין אין א סמאָקינג, אָדער זאַגאַר אין א שווארצען אַנ־צוג, מיט לאַקירטע פאַנטאָפעל. די סאמע נאָהנטע קרובים זאמלען זיך צונויף צו דער בעשטימטער שעה ביים רב אין שטוב. נאָך דער הופה קען מען דאָס מאָלצייט פאַר די נאָהנטסטע קרובים מאכען אין הויז פון דער כלה, אָדער אין א רעסטאָראַן אין א בעזונדער רעזערווירט צימער.

פאַר די פאָרמאַליטעטען ביים רב דארף בעצאָהלען דער חתן, און דאָס חתונה-מאָלצייט אָרדענען איין די עלטערען פון דער כלה.

נאָך אזא שטילע חתונה איז נישט פערפליכטעט צו שיקען קיין מתנות, און נישט קיין בעגריסונגען, וואָרום צו א שטילע חתונה שיקט מען נישט קיין חתונה-איינלאַדונגען. ווענען אזא חתונה קען מען נאָך דער חתונה שיקען מעלדונגען צו די פריינד, אַז די מיט דעם האָבען חתונה געהאַט אין דעם און דעם טאָג.

אויב מען וויל, קען מען נאָך אזא חתונה מאכען א אויפ־נאַהמע פאַר די גוטע פריינד און פריינדינס פון חתן-כלה. צו דער אויפנאַהמע קען מען שיקען איינלאַדונגען. צו אזא חתונה-גראַטו־לאַציע קען מען שוין שיקען אָדער מיטברענגען מתנות.

אויב מען ברענגט א מתנה פאַר א יונג„ פאָרפאָלק, דארף מען זי נישט אָבגעבען אין קאָרידאָר. עס איז נישט שעהן, ווען דאָס יונגע ווייבעל אָדער מאַן טראָגט אריין אליין די מתנה פונים קאָרידאָר. די פערזאָן דארף זיך אויסטהון דעם מאַנטעל און מיט דער מתנה אריינגעהן אין אויפנאַהמס-צימער און דאָ זי איבער־געבען, אָדער אוועקשטעלען, אָנווינשענדיג דערביי דעם יונגען פאָר.

מען קען די מתנה שיקען פריהער, איידער מען קומט. אין ביידע פאַלען, דארף דאָס נייע פאָרפאָלק אָבדאַנקען פאַר דער מתנה. אויב מען ברענגט אַלס מתנה א באָנבאָניערע שאָקאָלאַד, דארף מען זי אליין מיטברענגען. בלומען דארף מען אליין נישט מיטברענגען.

אזא חתונה-גראַטולאַציע קען ווערען געמאַכט בייטאָג, נאָכ'ן מיטאָג. און קען בעשטעהן פון א זיסען טיש, שאָקאָלאַד, טהיי, טאָרט און פרוכטען.

—

אויב דאָס ווערט געמאַכט אין אָוענד, קען מען שוין מאַכען

פייערליכער, לויט די מאַטעריעלע מעגליכקייטען, מיט אַ אָווענד-ברויט-אויפנאַהמע.

אויף אַ פייערליכע חתונה דאַרף מען זיך שוין שטאַרק רע-בענען מיט דער קליידונג. די כלה דאַרף זיין אין אַ ווייס-קלייד, דער חתן דאַרף זיין דורכאויס אין אַ סמאָקינג, אָדער זשאַקעט. די פרויען און מיידלעך, וואָס קומען אויף אַ חתונה, דאַרפען נישט טראָגען קיין ווייסע קליידער, די ווייסע קאָליר איז נאָר די פריווי-לעגיע פון דער כלה, די אונטערפיהרערינס דאַרפען דורכאויס זיין אין העלע, זיידענע קליידער.

אויב מען איז אין טרויער, זאָל מען אין טאָג פון דער חתונה אַראָבנעמען די טרויער-קליידער און צייכענס.

אויב דער חתן שיקט דער כלה בלומען אין טאָג פון דער חופה, דאַרף ער שיקען נאָר ווייסע בלומען. אויב אפילו מען וויל נישט זיין אַזוי טראַדיציאָנעל צו שיקען אַ בוקעט, איז עס אָבער זעהר איינדרוקספאָל, ווען דער חתן דערלאַנגט אין חופה-טאָג דער כלה אַ 3-2 ווייסע רויזען, ער קען דאָס איבערשיקען דורך זיינס אַ שוועס-טער אָדער דורך אַ אַנדערע נאָהנטע קרובה, ווי אַ קוזינע, שוועגערין.

די געסט — מענער און פרויען דאַרפען קומען אַזוי ווי אויף אַ באַל, די פרויען אין זיידענע קליידער, די מענער אין שוואַרצע גאַרניטורען, סמאָקינגס, לאַקירטע שיך, דורכאויס פרעס-ווייסע העמדער, די קראַוואַטען שוואַרצע, אויב מען טראָגט אַ מאַרינאַר-קאָווע אַנצוג, דאַרף מען טראָגען אַ קראַוואַט פון אַ טונקעלען טלאָ (פאָן).

אויב די חתונה קומט-פאָר אין דער פריוואַטער וואָהנונג פון דער כלה, נישט אויף קיין געדונגענעם זאַל, קענען די געסט שיקען בלומען, אויב זיי ווילען, אויף אַ זאַל דאַרף מען קיין בלומען דורכ-אויס נישט שיקען.

אויב מען ברענגט מתנות אויף דער חתונה, דאַרף מען זיי נישט דערלאַנגען דעם חתן און נישט דער כלה, נאָר מען דאַרף דאָס איבערגעבען די עלטערען פון חתן-כלה.

די כלה און דער חתן דאַרפען נישט אויף דער חתונה זיין

צונעבונדען צו זייערע פלעצער, מיט׳ן אויפנעמען די געסט דארפען זיך פערנעמען די עלטערען פון חתן-כלה, אָבער בשום-אופן זאָל די כלה אָדער דער חתן נישט אנטקעגענגעהן קיין שום גאסט, מעג דאָס זיין דער אָנגעזעהענסטער פון די איינגעלאַדענע. יעדער גאסט דארף אין דער ערשטער רייה צוגעהן און זיך בעגריסען מיט דער כלה און חתן. אפילו ווען די כלה און חתן געפינען זיך אינמיטען זאָל צווישען די געסט, ווען זיי בעמערקען עמיצען אָנקומען, דאַרפען זיי נישט אנטקעגענגעהן. די עלטערען דארפען העלפען די געסט זיך אָריענטירען און אויפזוכען די כלה און חתן צום בעגריסען זיך.

אָבער עס זענען שוין אוועק די צייטען, אז די כלה זאָל מוזען זיצען אויפ׳ן „טראָן״ מיט ליכט פוןביידע זייטען, און נישט אראָב פון טראָן, ביז צו דער חופה. די כלה דארף פערברענגען מיט די געסט, טאַנצען מיט זיי, זי קען זיך אונטערהאלטען מיט איהרע נאָהנטע פריינדינס אין זאַל. אָבער זי דארף אויך נישט זיין צונעבונדען אין גאַנצען אָוועגד צו איין גרופע פערזאָנען. זי דארף פערברענגען מיט אַלעמען, פערשטעהט זיך מיט די גאָר נאָהנטע פריינדינס און פריינד.

בעת דעם עסען, קען איינער פון די נאָהנטע פריינד פאָרלייענען די צוגעשיקטע טעלעגראַפישע וואונשען.

עס איז זעהר אַלטמאָדיש און העכסט נישט שעהן צו אויסרופען דרשה-געשאַנק. דאָס ברענגען מתנות צו דער חתונה איז זעהר א שעהנע טראַדיציע, עס איז זעהר אָנגענעהם און סימפּאַטיש, ווען מען ברענגט א מתנה צו דער חתונה, אָבער עס איז נישט קיין מוז. און ווער עס ברענגט א מתנה, דארף מען איהם נישט בעריהמען און אויסרופען, עס איז געגוג, ווען מען שטעלט-אויס די מתנות אויף א בעזונדערען טיש, אויף יעדער מתנה קען זיין צוגעשפּילעט א וויזיט-קאַרטעל פון דעם, וואָס האָט די מתנה געברענגט. דאָס איז שעהן, אייראָפּעאיש און העכסט אימפּאָזאַנט. מען קען די מתנות אויסשטעלען אין א גלעזערנע גאַבלאָטע אָדער אין אַ גלעזערנע שאַנק.

ביים מאָהלצייט קענען די חתן-כלה זיצען אויף זייערע עהרען-

פלעצער, אָדער זיי קענען זיך פריי בעוועגען צווישען אַלע געסט און זיך אונטערהאַלטען יעדעס מאָל ביי אַ אַנדערע גרופּע.

### אויף אַ ברית און נאָמען-טאָג.

ווען אַ פרוי ליגט אין קינפּעט, דאַרפען איהרע פריינד נישט קומען מיט וויזיטען אין די ערשטע 3 טעג פון דער קינפּעט. אויב מען וויל מיטברענגען אַ מתנה פאַר דער קינפּעטאָרין אָדער עפּעס איבערשיקען, איז עס צום שענסטען צו שיקען בלומען. אין דעם פאַל איז דאָס די אַנגענעהמסטע מתנה.

אויב מען קומט שפּעטער, נאָך אַ 8 טעג נאָך דער קינפּעט, קען מען שוין אַלס מתנה ברענגען שאָקאָלאַד.

נאָהנטע קרובים קענען אַלס מתנה ברענגען בעקליידונגס-זאַכען פאַר'ן ניי-געבוירען קינד.

די קוואַטערס דאַרפען זאָרגען צו שאַפען אַ שעהנע מתנה פאַר'ן קינד. די ערשטע וועש צו מאַכען, געהערט צו די קוואַטערס. און אויך שפּעטער, ביי יעדען פאַמיליען-יום-טוב און נאָמענס-טאָג פון דעם קינד, דאַרפען די קוואַטערס די ערשטע זאָרגען, ווענען אַ מתנה פאַר דעם קינד.

# די בעציהונגען אין דער פאמיליע

עס איז א גרויסער פעהלער צו מיינען, אז אין דער היים, הינטער די איינענע 4 ווענט, קען מען זיין פראנק און פריי און נישט „קרעמפירען" זיך מיט גוטע זיטען און מאניערען. קיינער זעהט דאך נישט, קיינער וועט דאך נישט קריטיקירען — טראכט מען זיך. פארוואס זאל מען זיך קוועלען.

דאס איז פאלש.

די איינענע היים איז די שולע, וויל מען זיין א אמת'ער דזשענטעלמען, וויל מען פאקטיש זיין א פרוי מיט שעהנע מאניע-רען, מוז מען זיך דאס לערנען און צוגעוויינען דערמיט אין דער היים. דאס שטענדיגע איינלעבען זיך מיט א גוטע אויפפיהרונג ווערט איינגעאיבט, ווערט די צווייטע נאטור, אויב מען ווענדעט דאס אן שטענדיג אהן אויפהער.

אין דער היים דארף מען זיך אויפפיהרען גוט מיט פיינע מאניערען בנוגע דער מוטער, שוועסטער, פאטער און ברידער. יעדער יונגערמאן דארף זיך בעמיהען צו זיין העפליך ביז דער העכסטער שטופע צו דער מוטער און אויסערסט פריינדליך צו די שוועסטער.

אויב די עלטערען ווילען געבען זייערע קינדער א אמת-גוטע ערציהונג, דארפען זיי אין דער ערשטער רייה זיך בעמיהען איינצו-ווארצלען אין זייערע קינדער גוטע זיטען און מאניערען, אזוי אין דער אויפפיהרונג אין דער היים און אזוי אויסער דער היים, צווי-שען מענשען.

א סך עלטערן ערציהען זייערע קינדער אין דער ריכטונג, אז ווען זיי געפינען זיך צווישען פרעמדע מענשען, ווען געסט זע-נען פארהאן אין שטוב, זאלען זיי זיך אויפפיהרען ארטיג — מיט מאניערען, און גלייכצייטיג לעגט מען נישט קיין שום אויפמערק-זאמקייט אויף זייער אויפפיהרונג אין דער היים.

און דאס איז נישט ריכטיג.

אין יעדער היים מוז מען איינפיהרען געוויסע פארמען פון

גוטע מאַניערען, אזוי ביים עסען, ביים פערברענגגען, אין לעבען, מיט איין וואָרט, ביי אַלע געלעגענהייטען. ביים טיש פון דער פאַמיליע דאַרף נישט זיין קיין הפקרות, די קינדער דאַרפען נישט אָנפאַנגען עסען איידער די עלטערען הייבען אָן עסען, זיי דאַרפען נישט פריהער אויפשטעהן פון טיש, ווען די עלטערען זיצען נאָך.

מען דאַרף אָנווייזען די קינדער אויף דער נויטיגקייט זיך נישט אריינצומישען אין געשפּרעך פון דערוואַקסענע געסט. אין דער היים דאַרפען די קינדער נישט מאַכען קיין געפילדער און גערויש, ווען עס זענען פאַרהאַן געסט. גלייכצייטיג דאַרפען די קינדער נישט ווערען בעזייטיגט פון טיש, וואו עס זיצען געסט. יוגענדליכע קינדער פערשטעהען שוין זיך צו בעליידיגען דערפון, אז זיי דאַרפען מיט-זיצען; אויב זיי האָבען אַ גוטע ערציהונג, ווייסען זיי, ווי אזוי זיך אויפצופיהרען ביים טיש.

## צווישען מאַן און ווייב.

ביי דער געלעגענהייט האַלטען מיר פאַר נויטיג אויפמערקזאם צו מאַכען דעם מאַן און די פרוי, דאָס פון זייער האַלטען זיך און פון זייער בעציהונג, איז אָבהענגיג זייער גענענזייטיגער ערפאָלג און דער רעספּעקט, וואָס מען דאַרף האָבען צו זיי. פאַרהאַן זעהר פיעל פרויען און זעהר פיעל מענער, וועלכע מיינען, אַז אין דער היים מעג מען זיין פריי אָהן מאַניערען, מען קען זיך ערלויבען דאָס, וואָס מען וואָלט זיך נישט ערלויבט אין דער געזעלשאַפט פון זייטיגע מענשען. צי דאַרף מען זיך דען קרעמפּירען פאַר'ן ווייב? צי דאַרף מען זיך דען נישט פיהלען פריי אין אָנוועזענהייט פון אייגענעם מאַן?

מיר וואַגען אָפּען און דרייסט דאָ צו זאָגען, אַז אויב עס פערשווינדט שנעל די ליעבע צווישען פיעל פּאָרפעלקער, אז אויב עס הערט אויף יעדע אַכטונג און רעספּעקט צווישען אַ גרויסע טייל מאַן-און-ווייב, איז עס טאַקי דערפאַר, וואָס מען האָט אויפגעהערט אין אַ צו-גרויסע און איבערגעטריבענע מאָס זיך צו קרעמפּירען צווישען זיך, צווישען מאַן און ווייב.

עס זענען פאַרהאַן גרעניצען, וואָס פון דאַנען אָן דאַרף מען זיך אַפילו פאַר׳ן אייגענעם ווייב און אַפילו פאַר׳ן אייגענעם מאַן קרעמפּירען, יעדער מוז די דאָזיגע גרעניצען אַליין וויסען. אויב מען נעהמט אריבער די גרעניץ, שאפט זיך א גרינגשעצונג, שפּעטער ווערט דאָס א פעראַכטונג, און מען פערלירט זעהר פיעל אין די אויגען פון די אייגענע.

מיר וועלען דאַ נישט אויסרעכענען אויספיהרליך די פאַלען, ווען מאַן און ווייב קענען פערלירען זייער געגענזייטיגע ליעבע און אכטונג. זיי זענען פאַרהאַן אין אַ צו גרויסע צאַהל, יעדע פרוי און מאַן וועט אַליין וויסען אַבצושאַצען, צי וואָס מיר ציעלען דאַ.

יעדער מאַן דאַרף זיך בעמיהען, ער דאַרף זיך זאָגאר אָנשטרענגען זיך גוט צו פרעזענטירען פאר זיין אייגען ווייב, דאָס זעלבע מוז יעדעס ווייב זיך שטענדיג שעהן און גוט פרעזענטירען פאַר׳ן מאַן.

עס איז העכסט שעדליך צו טראַכטען, וואָס דאַרף איך דען זוכען צו געפעלען מיין אייגען ווייב, מיין אייגענעם מאַן, איך בין שוין נעפעלען — זאָגען א סך.

לעצטענס האָט מען זיך טאַקי איבערצייגט, אז גראַד פערקעהרט, מען מוז אונבעדינגט זיך יאָ בעמיהען צו געפעלען זיך.

דאָס ווייב און דער מאַן, יעדער פון זיי בעזונדער, דאַרפען שטענדיג זיך בעמיהען, דאָס זיי זאָלען זיך אונאויפהער געפעלען. נאָכמעהר, פון צייט-צו-צייט דאַרף מען שאפען עפּעס א נייעס, עפּעס א נייעם עפעקט אין דער קליידונג, אין דער פריזור, אין דער האַלטונג, כדי אריינצוברענגען אַ נייעם גלאַנץ אין טאָג-טעגליכען לעבען. דאָס מאַכט אינטערעסאַנטער און אָנציהענדער די געגענזייטיגע בעציהונגען צווישען מאַן און ווייב.

עס איז פונקט אזוי עקעלהאַפט פאַר דעם ווייב צו זעהען ווי איהר מאַן עסט פלייש מיט די פינגער און הענד, צו זיין געקליידעט אין שמוציגע אינטערוועש, און צו האָבען אַנדערע עקעלהאַפטע מאַניערען, פונקט אַזוי ווי דאָס קען עקלען א פרעמדען צוקוקער. אויף דעם אייגענעם ווייב אָדער מאַן ווירקט דאָס נאָך ערגער און ברענגט אָפט ערגערע און ערנסטערע פאָלגען.

דאגעגען א פיינע און עלעגאנטע האלטונג צווישען מאן און ווייב פערשטארקט נאך מעהר זייער בעציהונג און געגענזייטיגע אכטונג צו זיך.

## אויף א טאנץ-פערוויילונג.

געהענדיג אויף א טאנץ-פערוויילונג מוז מען וויסען, אז בשום אופן טאר מען נישט פערשטערען די פערוויילונג קיינעם פון די אנוועזענדע. צוליעב דעם איז גלייכער אינגאנצען נישט צו געהען אויף א טאנץ-פערוויילונג, אויב מען איז נישט אין א גוטען הומאר, אדער מען האט א נישט גוט-געמיט. דעם פרינציפּ דארף מען האבען בנוגע עפענטליכע טאנץ-פערוויילונגען און גאנץ ספּעציעל אויף טאנץ-אווענדען, וואס ווערען איינגעאָרדענט אין א פּריוואטע היים.

אויף א טאנץ-פערוויילונג איז דאס וויכטיגסטע די פרעהליכע שטימונג, וואס כאפּט ארום אלע אנוועזענדע. יעדער, וואס קומט אויף אזא פערוויילונג דארף מיטהעלפען צו דערהויבען די דאזיגע שטימונג, מיט וואס מען איז אימשטאנד. מען דארף פערגעסען אויף עטליכע שעה די טאג-טעגליכע זארג און זיך אריינווארפען אין דער פרעהליכער שטימונג פונ'ם אווענד. פונדעסטוועגען דארף מען זיך נישט מאכען פאר קיין בלאזען. פערקעהרט דאס בלאזירען זיך געהערט גאר צום שלעכטען טאן. מען דארף זיין הייטער, פרעה-ליך, לאכען, דערצעהלען, טאנצען, מיט איין ווארט זארגלאז.

אויב מען וויל זיך פערוויילען אויף א טאנץ-אווענד, דארף מען זיך האלטען ביי צוויי פרינציפּען. ערשטענס, זאל מען איינינע-טעג פריהער קאנטראלירען די נארדעראבע און די וועש. מען פיהלט זיך זעהר שלעכט, אויב עפּעס פון דער גארדעראבע איז נישט פונקטליך, אין ארדנונג. איז מען גוט געקליידט, איז דער הומאר שוין גוט.

דער צווייטער פּרינציפּ איז צו זיין דרייסט. מען דארף הא-בען א אויסגעארבייטע דרייסטקייט, כדי נישט צו קרעמפּירען זיך צו געהען איבערין זאל און נישט מורא האבען פאר די הונדערטע-

אוינגען, וואָס קוקען נאָך און מעסטען-אָן יעדע בעוועגונג און יעדען טרים.

אויב מען איז אויף א טאַנץ-פערוויילונג אין א פּריוואַטע היים, האָט יעדער גאַסט, וואָס קען טאַנצען, פּליכטען צו העלפען פערוויילען די געסט. אַזאַ גאַסט, וואָס טאַנצט דאַרף אויף א פּרי-וואַטע פערוויילונג נישט פעברענגען די גאַנצע צייט אין קרייז פון איין גרופּע בעקאַנטע. ער דאַרף איינלאַדען צו טאַנצען די נאָהנסטע פון דער ווירטין און ווירט, דאַן אויך פון די בעקאַנטע פרויען. אויב עס זענען פאַרהאַן אויף אַזאַ פערוויילונג פרויען, וועלכע האָבען ווענוג בעקאַנטע, דאַרף מען זיי איינלאַדען צום טאַנצען.

עס איז דאַגעגען זעהר נישט שעהן, ווען א פּערזאָן, וואָס קען טאַנצען ענטזאַגט זיך א גאַנצען אָוועגד צו טאַנצען. דאָס בע-ווייזט אויף א שלעכטען כאַראַקטער.

גאַנץ אַנדערש איז עס אויף א עפענטליכען באַל. אָבער אויך דאָ דאַרף מען זיך בעגריסען און זיך אונטערהאַלטען מיט גוטע בע-קאַנטע, און מען דאַרף איינלאַדען צום טאַנצען די פרויען, ביי וועמען אין הויז מען איז אָפט צוגאַסט.

דער טענצער טאָר קיינמאָל נישט איבערלאָזען זיין פּאַרטנערין אין מיטען זאָל, ער מוז נאָכ'ן טאַנץ זי אָבפיהרען צום אָרט, פון וואַנען ער האָט זי פערבעטען, אָדער ער דאַרף זי צופיהרען צו א זייט, וואו זי וויל זיך ערהאָלען.

יעדער פון טאַנצענדיגען פּאָרל דאַרף פיהלען, ווען דער צוויי-טער וויל אויפהערען טאַנצען, אויב דעם טענצער איז שווער צו טאַנצען לאַנג, דאַרף די דאַמע נישט צושטעהען צו פערלענגערען דאָס טאַנצען, נאָר דאַרף אַליין פּאָרלעגען איבערצורייסען דאָס טאַנ-צען, כדי זיך אָבצורוהען.

ווען עמיצער פערבעט א דאַמע צום טאַנצען, דאַרף זי נישט ענטזאַגען; אויב מען געפינט זיך אין א זאַל, וואו מען טאַנצט, קען יעדער פון אָנוועזענדע איינלאַדען צום טאַנצען. אויב מען איז שטאַרק ערמידעט, קען מען די ענטזאַגונג דערמיט מאָטיווירען, אָבער עס איז העכסט נישט טאַקטיש, ווען גלייך דערנאָך נעמט מען אָן פון

א אנדערן די איינלאַדונג צום טאַנץ. מען דאַרף זיך בעמיהען נישט צו בעליידיגען אויף אַזאַ אופן.

פון דער צווייטער זייט, דאַרף מען נישט איינלאַדען צום טאַנץ קיין דאַמע, וואָס מען קען האָבען אַ פערדאַכט, אַז זי אָדער די מענער פון איהר געזעלשאַפט, וועלען פון דער איינלאַדונג צום טאַנץ נישט זיין צופרידען. אפילו ווען מען וויל איינלאַדען אַ אונבעקאַנטע דאַמע צום טאַנץ, דאַרף מען פונדעסטוועגען קענען פון וויטענס די געזעלשאַפט, אין וועלכע זי פערברענגט און וויסען די סיטואַציע.

אויף אַ דאַנסינג קען מען קומען און אַ וויזיט-קלייד אָדער אין אַ בעשיידען אָווענד-קלייד, אַ מאַנספערזאָן — אין אַ שוואַרצען אָדער סתם טונקעלען אנצוג מיט טונקעלע שיך, זאָגאַר נישט פון לאַקיר. אין דאַנסינג קען מען צום טאַנץ איינלאַדען יעדע דאַמע, וואָס געפינט זיך דאָרט, וואָרום יעדע פרוי, וואָס קומט אין אַ דאַנסינג, איז גרייט צו זיין אויסגעשטעלט איינגעלאַדענט צו ווערען צום טאַנץ.

אין יעדען פאַל, וואָס מען לאַדעט איין צום טאַנץ אַ פרוי, וואָס זיצט אין געזעלשאַפט פון אַ אנדערען מאַנספערזאָן, דאַרף מען מיט אַ פערנייגען-זיך בעטען ביי איהם אַ ערלויבעניש צו איינלאַדען די פרוי צום טאַנצען, דער מאַנספערזאָן דאַרף מיט אַ קאָפּ-פערנייגונג מסכים זיין, דאַן לאַדעט מען איין די דאַמע צום טאַנצען. ווען מען פיהרט-אָב די דאַמע צום פּלאַץ, דאַרף מען בעדאַנקען דעם מאַנספערזאָן, וואָס געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון דער פרוי.

אַ מאַנספערזאָן, וואָס געפינט זיך אויף אַ באַל אין דער געזעלשאַפט פון אַ פרוי, דאַרף זאָרגען פאַר איהר בעקוועמליכקייט און דאָס זי זאָל זיך פערוויילען, ער דאַרף זאָרגען, דאָס זי זאָל נישט זיין הונגעריג אָדער דורשטיג. עס איז נישט דורכאויס נויטיג צו קויפען באָנבאָניערעס, אָבער מען דאַרף וויסען, אויב די בעגלייטערין איז הונגעריג, זאָל מען זי פיהרען צום בופעט און פאָרלעגען צו עסען און טרינקען.

פאַרהאַן פרויען און מיידלעך, וואָס מיינען, אַז די גאַנצע פער-

ווײלונג אויף אַ מאַסקען־באַל בעשטעהט אין ארויסקריגען באַנבאַ־ניערקעס פון די קאוואַליערען. טײל זענען זאָגאַר זעהר צודרינגליך אין זײער געיעג נאָך באַנבאַניערקעס. די דאַזינע מוזען אָבער וויסען, אַז דאָס אָנשטרענגען זיך ארויסצופּרעסען אַ באַנבאַניערקע און זײן צודרינגליך ווירקט שרעקליך שלעכט. און עס איז אַלץ אײנס, צי מען בעקומט יאָ די באַנבאַניערע, צי נישט, נאָר אַזאַ מײדעל קען קײן ערפאָלג נישט האָבען. זי מאַכט דערמיט אַ שלעכטען אײנ־דריק, דאָס איז באַנאַל און געשמאַקלאָז.

מען קען אויף אַ מאַסקען־באַל זיך בעסער פערווײלען אויף אַ אַנדערען אופן, און נישט יאָגען זיך נאָך באַנבאַניערעס.

## דאָס שפּיעלען אין קאָרטען.

דאָס שפּיעלען אין קאָרטען איז אײנע פון די פּאָפּולערסטע פערווײלונגען צום פערטרײבען די צײט. טײל זעהען אין די קאָר־טען אַ מין אָברוה פון זײערע טאָג־טעגליכע אינטערעסען, אַנדערע ווילען זיך אָביסעל צערשטרײען. יעדענפאַלס איז עס פאַר אַלע אַ סאָרט פערווײלונג. מען דאַרף זיך דעריבער בעמיהען נישט צו צעשטערען די פערווײלונג מיט אויפרעגונג און דענערווירונג.

גאַנץ בעזונדערס דאַרף מען זיך האַלטען אין די הענד, ווען מען פערברענגט בײ קאָרטען אין אַ פּריוואַט הויז, בײ אַ גוטען פרײנד.

אויב אין קאָרטען־שפּיעל דאַרפען זיך בעטײלינען פּערזאָנען פון פערשיעדענע מאַטעריעלע מעגליכקײטען, דאַרף מען בעשליסען צו שפּיעלען מיט קלײנע אײנשטעלונגס־סומעס. מען דאַרף האָבען דעם ציעל, דאָס אויב עס וועט וועט פערשפּיעלען, זאָל ער נישט האָבען שטאַרק צו בעדויערען.

דאָס וויכטיגסטע איז, אַז בײם שפּיעלען, זאָל מען נישט ארויסווײזען קײן ביטערקײט צו געווינען, מען זאָל זיך נישט דע־נערווירען, ווען מען פערשפּיעלט; ווײמען דאָס פערשפּיעלען מוז קאָסטען געזונד און נערוען, איז גלײכער ער זאָל נישט שפּיעלען אין אַ פּריוואַט הויז. מען מוז געדענקען, דאָס פערברענגען בײ קאָר־

טען אין א פריוואַטע שטוב, איז אַ פּערוויילונג, אָבער דאָס דאַרף נישט זיין קיין געלעגענהייט אויף צו וועלען דורכאויס געווינען אָדער אויפרעגען זיך.

די פּערזאָנען, וואָס בעטייליגען זיך נישט אין שפּיעל, נאָר קוקען צו, זאָלען זיך אָבגעוויינען פון צו זאָגען עצות אין דער הויך. עס איז בעסער אַפילו אין דער שטיל אויך נישט צו לערנען. קיין שום צד פון די שפּיעלער האָט נישט ליעב, ווען מען העלפט עמיצען צו, אָדער מען מישט זיך אריין. אויף אַזעלכען קוקט מען שלעכט. און דער עיקר, דאָס איז העכסט נישט קולטורעל. אין די קלובען אין ענגלאַנד, וואָס איז דאָס טיפּישע לאַנד פון קלובען, וועט קיינמאָל קיינער נישט אָברופען זיך מיט אַ וואָרט צו אַ שפּיעלער, בעת ער האַלט אין שפּיעלען. מען קוקט אַפילו נישט אין די קאָרטען.

אריינקומענדיג אין אַ אָרט, וואו מען שפּיעלט אין קאָרטען, קען מען זיך בעגריסען, נ י ש ט געבענדיג זיך די הענד, נאָר בלויז פונדערווייטענס.

שפּיעלענדיג אין אַ פּריוואַט הויז, איז נישט אַזוי אָנשטענדיג זיך אויפצושטעלען פון קאָרטען-שפּיעל און אַוועקגעהן, ווען מען האָט געוואונען אַ גרעסערע סומע געלד. דאָס הייסט, אַז מען איז ביטרע נאָכ׳ן געוואונען געלד. אויב אָבער עס איז שוין שפּעט, מען מוז אַוועקגעהן, ווייל מען קען נישט בעלעסטיגען די ווירטין מיט אַ לענגער פערבלייבען שפּיעלען, אָדער מען מוז אהיימגעהן צ דער איינענער פאַמיליע, קען מען דרייסט אויפהערען שפּיעלען, אַפילו מען האָט אַ סך געוואונען, זאָגענדיג די מיטשפּיעלער, אַז מען קען זיי געבען אַ שאַנס אָבצוגעווינען ביי אַ אַנדערש מאָל.

# פריינדשאפטס-לייסטונגען

אין אונזער צוזאמענלעבען מיט פריינד און בעקאנטע, דאר-פען מיר נישט זיין גלייכגילטיג צו זייערע פריידען און ליידען, מיר דארפען זיך בעטייליגען מיט הארץ און נשמה אין גורל פון זייער לעבען און ווען מען דערוויסט זיך, אז עפעס געשעהט ביי זיי פרעהליכעס, פריידיגעס, דארפען מיר נישט פערביינגעהן דעם פאקט מיט שטילשווייגען, ווייל דאס קען בעדייטען, אז מען איז וועניג פריינד, אז מען איז נישט צופריעדען פון דעם גליק און פרייד, וואס עס לעבט איבער דער בעקאנטער. דאס זעלבע דארף מען ארויסוויזען מיטגעפיהל, ווען עס טרעפט דעם פריינד א אומ-גליק אדער ער בעקומט א שווערען קלאפ, א מאטעריעלען אדער א מאראלישען. די אמת'ע איבערגעגעבענע פריינדשאפט ווייזט זיך ארויס נאר אין אזעלכע פאלען, ווען מען דארף זיך מיטפרייען אדער מיטליידען.

### מתנות.

מען דארף זיך אריענטירען וואס צו געבען און ווען צו גע-בען מתנות. עס קען אפט זיך טרעפען, אז א מענש מיט'ן בעסטען ווילען קען בעליידיגען מיט זיין מתנה, ווייל ער האט זיך נישט אריענטירט, וואס פאר א מתנה ער דארף געבען.

מתנות דארף מען געבען נאר ביי א געלעגענהייט, דאס שי-קען א מתנה אהן א פאסיגע געלעגענהייט איז נישט דערלאזבאר, דאס קען בעליידיגען און קען ארויסרופען פערשיעדענע אויסטיי-טשונגען. די בעסטע געלעגענהייט צו געבען מתנות זענען פאמיליען-פייערליכקייטען, און ביי דער געלעגענהייט ווען מען בעגייט א וואה-נונג, ניי מעבעל א. ד. ג.

ביי א חתונה-געלעגענהייט, קענען ווייטע בעקאנטע שיקען דער כלה בלומען מיט א וויזיט-קארטעל, אויך ווען עס דארף

אונבעדינגט זיין א פּאָר וואונש-ווערטער. נעהנטערע בעקאַנטע קע-נען שיקען מתנות. וואָסערע מתנות, איז אָבהעגניג פון די געמיינ-זאַמע בעציהונגען. אויב דאָס זענען הארציג-נאָהנטע בעקאַנטע, קען מען שיקען פּראַקטישע זאַכען אַלס מתנות, וואָס זאָלען נוצען אין דער ווירטשאַפט, ווענינער-נאָהנטע בעקאַנטע דאַרפען שיקען דע-קאָראַטיווע מתנות, ווי למשל, פּאָרצעלאַן, קרישטאָל, לאָמפּען, זייגער, וואַזאָנען, פּלאַטיר, זילבער און עהנליכע אָנדענקונגס-זאַכען, וואָס געהערען צו לוקסוס. דאַגעגען געלד-מתנות און ציערונג קענען געבען נאָר נאָהנטע קרובים.

קאָלעגען פון דער ארבייט, וואָס ווילען געמיינזאַם שיקען א מתנה, דאַרפען שיקען א דעקאָראַטיווע מתנה, אין קיין שום פּאַל נישט קיין זאַך פאַר׳ן טאָג-טעגליכען געברויך.

ביי א געלעגענהייט פון א זילבערנע האָכצייט, דאַרף מען געבען מתנות נאָר זילבערנע זאַכען, אָדער אַזעלכע אָנדענקונגס-געגענשטאַנדען, וואָס זענען געפּוצט און דעקאָרירט מיט זילבער.

אין אַלע פאַלען, ווען מען שיקט א מתנה א וואַזאָן, זאָל מען מיטשיקען עטליכע פרישע, לעבענדיגע בלומען אינ׳ם וואַזאָן

גוטע, נאָהנטע פריינד קען מען געבען מתנות ביי דער גע-לעגענהייט פון זיין געבורטסטאָג, אָדער פון זיין פרוי. אין אַזעלכע פאַלען קען מען געבען נאָר דעקאָראַטיווע מתנות נישט פאַר׳ן טאָג-טעגליכען געברויך פון דער הויז-ווירטשאַפט, ווי למשל, א וואַזאָן, א קלאָש, קרישטאָל, זילבער, פּלאַטיר, דיוואַן, א. ד. ג.

אויב אַזעלכע געבורטס-טאָג-פייערליכקייטען קומען-פאָר זעהר אָפט ביי דער פאַמיליע, איז עס אַבסאָלוט נישט נויטיג, יעדעס מאָל צו געבען א מתנה. עס איז גענוג, ווען מען גיעט א גוטען פריינד א מתנה איין מאָל אויף עטליכע יאָהר. אויב מען ווערט נאָכהער ווידער איינגעלאַדען אויף אַזא פאַמיליען-פייערליכקייט. קען מען דרייסט צושיקען אַביסעל בלומען, דאָס איז דער גוטער טאָן אין דער געזעלשאַפט.

ביי געבורטסטאָג פון קינדער, וואָס ווערען געפייערט ביי פריינד, דאַרף מען שיקען אַלס מתנה, שפּיעלצייג, ביכער אָדער צו-קערוואַרג. און דאָס נאָר אין דעם פאַל, ווען מען איז פערבעטען צו

דער פייערליכקייט און מען קומט זיך בעטיילינגען. אויב מען קומט נישט, דארף מען קיין מתנה נישט שיקען, אויסער, דאס איז א קינד פון א פאמיליע, מיט וועלכע מען איז אין אפטע און שטענדיגע בעציהונגען.

קינדער קען מען ברענגען מתנות אפילו נישט ביי א געלעגענהייט פון געבורטסטאג. מען קען אויך אמאל אויס דאנק פאר א געוויסע לייסטונג פון די עלטערען, ברענגען א מתנה פאר א קינד, און דערמיט ארויסווייזען א דאנקבארקייט.

מתנות לכבוד א חתונה, נאמענסטאג, זילבערנע-האכצייט, איז בעסער צושיקען בייטאג און אין אווענד קומט מען אליין זיך בעטייליגען אין דער פייערליכקייט. אויב די חתונה קומט-פאר אויף א נעדוונגענעם זאל, קען מען אויך די מתנה שיקען צו דער כלה אהיים, אדער אין לעצטען פאל מיטברענגען אין אווענד אויפ'ן חתונה-זאל.

אויב די מתנה בעשטעהט פון א באנבאניערע, קען מען זי מיטנעמען פערזענליך.

אין פרינציפ דארף א פרוי נישט געבען קיין מתנות קיין מאנספערזאן. דאגעגען איין פרוי דער צווייטער קען געבען קליינע מתנות, ווי בלומען, שאקאלאד, א פארצעלאנענע זאך, א קישעלע אויף א קאזעטע אדער עהנליכע קלייניגקייטען.

אויב א גוטער פריינד ציהט זיך אריין אין א נייע וואהנונג, דארף מען נישט שיקען קיין שום מתנות. אויב א פריינדין קומט צום ערשטען מאל צו איהר פריינדין אין דער נייער וואהנונג, קען זי מיטנעמען נאר עטליכע בלומען, א מאנספערזאן דארף קיין שום זאך נישט ברענגען און שיקען. אויב אבער מען מאכט א אויפנאהמע, א חנוכת הבית, דאן קען מען שוין שיקען א מתנה, אבער נאר דעקאראטיווע זאכען נישט פאר'ן טאג-טעגליכען געברויך.

א חתן, אדער א גוטער בעקאנטער פון א מיידעל דארף אויך נישט שיקען סתם אין דער וועלט אריין מתנות. ער קען אויסנוצען נאר געלעגענהייטען. די ערשטע מתנה קומט ביי דער פערלאבונג, די צווייטע קומט אין איהר ערשטען געבורטסטאג, און ווען מען ווערט איינגעלאדען אויף א פאמיליען-פייערונג צו דער כלות עלטערן.

אויב א מיידעל וויל ביי א געלעגנהייט קויפען א בעקאנטען יונגענמאן א מתנה, איז דאס בעסטע א שעהנעם קראוואט, אדער עפעס פון שרייב-געצייג צו האלטען אין קעשענע אדער א זיידען טיכעלע אין בוזעם-קעשענקע אריין.

א חתן אדער א גוטער בעקאנטער, פון א מיידעל, וואס האט אויסזיכטען אויף איהר, האט די פליכט אויסצונוצען נאך אנדערע קלענערע געלעגענהייטען אויף צו געבען איהר קלענערע מתנות, ווי בלומען, באנבאניערעס א. ד. ג. ווי צום ביישפיעל, ווען זיי געהען אויף א באל, אויף א קאנצערט, אין טעאטער. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אין די גרויסע שטעדט, וואו מען געהט אפט אין טעאטער אריין, דארף מען נישט יעדעס מאל דערלאנגען א באנבאניערע.

ווען חתן-כלה געהען אויף א חתונה, אדער אויף א גרויסען באל, דארף דער חתן איהר געבען עפעס א קליינע מתנה, מיט וועלבער זי זאל פרעזענטירען אויפ'ן באל, ווי צום ביישפיעל קרעלען, א בראנסלעט, א האנד-בייטעל א. ד. גל.

אז א כלה פאהרט אוועק אויף דאטשע, אדער אין א אנדערע שטאדט אריין (נישט געשעפטליך), דארף דער חתן איהר געבען אויפ'ן וועג א באנבאניערקע, און דארף זי בעגלייטען צום וואגזאל, שטעהען ביים וואגאן, ביז דער צוג ריהרט, און נאכהער מיטנעהען אביסעל, ביז פון די אויגען פערשווינדט דאס וואגאן-פענסטער, ביי וועלכען די כלה איז געשטאנען.

ביים אבשיקען אדער דערלאנגען א מתנה, זאל מען דורכאויס אכטונג געבען, דאס אויף דער זאך זאל נישט בלייבען דאס קארטעל מיט דער פרייז פון געוועלב. דאס איז נישט שעהן.

די פערזאן, וואס בעקומט די מתנה, דארף דאנקען און אויסדריקען צופרידענהייט מיט דער מתנה. עס איז קולטורעל און העפליך, ווען מען זאגט א מיינונג וועגען דעם אויסזעהן און עסטעטישען ווערט פון דער מתנה און ארויסווייזען דערביי די צופרידענהייט. מען דארף פאר א מתנה אבדינען מיט אנערקענונג און צופרידענהייט און נישט קוקען אויף דער מתנה, ווי דאס וואלט געווען א פליכט-זאך.

מען דארף זיך קענען מיטפרייען אין דער פרייד פון אונזערע נאָהנטע בעקאַנטע. נישט יעדער קען דאָס. פאַרהאַן מענשען, וואָס זענען אינערליך צופרידען מיט זייערע פריינד'ס פרייד, אָבער זיי קענען דאָס נישט אויסדריקען און אַרויסווייזען. זיי הערען אויס מיט שטילשווייגען די בשורות און גליקס-געשעהענישען. זעהר אָפט קען מען דאָס שלעכט אָננעמען. מען קען מיינען, אַז מען פערגינט נישט, אַז מען פריידט זיך נישט מיט אין דער פרייד.

עס זענען פאַרהאַן אַזעלכע מענשען, וואָס מיינען, אַז אַ אינטעליגענטער, אַ קולטורעלער מענש דאַרף נישט קענען וואונשען. מען ווייסט אַזוי אויך, אַז מען איז נישט קיין שונא די גוטע פריינד; די מיינען, אַז דאָס וואונשען איז אַ אַלט-מאָדישער מנהג.

דאָס איז נישט ריכטיג. עס ווענדעט זיך, ווי אַזוי מען וואונשט. מען דאַרף נישט פערשיטען מיט אַ האַגעל איבערגעטרי-בענע וואונשונגען, אָבער אַ גוט-וואָרט דאַרף מען יאָ אַרויסבּרענגען. אַ וואונש-אויסדרוק איז נישט אַ אַלט-מאָדישער מנהג, נאָר דאָס איז אַ אינערליכער אויסברוך פון צופרידענהייט מיט'ן פריינד'ס גליק.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס מען וועט זיך אַרויסכאַפּען מיט אַ איבערפלעכליכען, באַנאַלען אויסדרוק, דאָס איז פיעל בעסער, איידער פערבייגעהן מיט שטילשווייגען. דער פריינד וועט דאָס אויפנעהמען אַלס הארציגע אויפריכטיגקייט.

אויב עמיץ פון אונזערע נאָהנטע פריינד דערצעהלט מיט צופריעדענהייט, וועגען אַ גוטע זאַך, וואָס האָט איהם געטראָפען; אַ בשורה-טובה, אָדער אַ אונטערנעמונג איז איהם געלונגען, צי מען האָט איבערגענומען אַ נייע וואָהנונג, געקויפט נייע מעבעל, איז עס זעהר גוט, ווען מען טיילט זיך מיט איהם אין דער פרייד, אויס-דריקענדיג זיך „זעהר שעהן״, „זעהר גוט״, „ווי אויסגעצייכענט״, „עס טהוט מיר ווירקליך הנאה״, „דאָס פריידט מיך, וואָס עס איז אַזוי געלונגען״.

ווען מען טרעפט א גוטען פריינד נאך א שווערע קראנקהייט, דארף מען איהם הערצליך בעגריסען און זיך אויסדריקען: „גאט זיי דאנק, וואס מיר זעהען זיך ווידערן", „איך פרעה זיך זעהר, וואס איהר זענט שוין ארויס פון דער קרענק".

מען דארף וואונשען ביי יעדע געלעגענהייט, וואס דער פריינד דערצעהלט, ווענען זיינס א שמחה, אדער ווען ער שיקט מעלדונגען. מען דארף וואונשען פערזענליך, ביים ערשטען צוזאמענטרעפען, אויב דאס איז צוליעב א שמחה, צו וועלכער מען איז געווען איינגעלאדען, דארף מען שיקען א שריפטליכען וואונש, בריעפליך אדער טעלעגראפיש.

א וואונש צו א חתונה זאל מען נישט שיקען בריפליך, נאר טעלעגראפיש.

נאך תנאים וואונשט מען נאר אין דעם פאל, אויב די פעראינטערעסירטע דערצעהלען, ווענען דעם, אדער מען אנאנסירט. אין געגענטייל דארף מען נישט וואונשען.

אלע ארט פערזענליכע מינדליכע וואונשען, קען מען מאכען, ווען מען טרעפט זיך פערזענליך. נאר אין זעהר ווינציגע פאלען, דארף מען געהן ספעציעל צו די פערזאן און זיי וואונשען. צום ביישפיעל, ווען עמיצער פון די נאהנטע קרובים, פאטער, מוטער, ברודער, שוועסטער, פעטער, איז איבערגעקומען א קראנקהייט, אדער עס האט געטראפען א גליק, א בשורה-טובה.

ווען א פערסאנאל קומט-אוים צו וואונשען א שעף, דארפען זיי דאס טהון אין ביורא, אדער אין דער אונטערנעמונג. ווען דער שעף קומט-אן נאך א שווערע קראנקהייט, אדער עס איז געווען ביי איהם א שמחה, דארף דאס פערסאנאל אויף דער ווײלע אבשטעלען די ארבייט און זיין געווענדעט צום שעף. יעדער דארף אויפשטעהן פון פלאץ. דער שעף דארף אין אזא פאל מיט יעדען בעזונדער זיך בעגריסען און ביי דער געלעגענהייט דריקט יעדער אוים א וואונש-ווארט.

ווען א שעף פאהרט-אב אויף א לענגערען אורלויב, דארף ער זיך געזעגענען מיט יעדען פון פערסאנאל, און יעדער פון זיי דארף וואונשען: „א גוטע ערהאלונג". ווען מען קומט צוריק, דארף מען

דעסגלייכען זיך בעגריסען מיט יעדען פון פערסאָנאַל און יעדער פון זיי דאַרף פריינדליך דריקען די האַנד.

## קאָנדאָלענצען.

אויב ביי גליקס-וואונשען זענען פאַראַן געוויסע גרעניצען, וואָס דיפערענצירען די מעגליכקייטען און געלעגענהייטען צום וואונשען, איז ביי קאָנדאָלענצען נישט פאַראַן קיין קלאַסען-גרעניצען. אַ שעף דאַרף קיינמאָל נישט געהן צו זיינס אַ בעאַמטען אהיים, כדי איהם צו וואונשען לכבוד דער נייער וואָהנונג, אָדער אַ ניי-געבוירען קינד, דאַגעגען איז עס מענשליך-נויטיג צו געהן אָבגעבען אַ קאָנדאָלענץ-וויזיט, ווען עס טרעפט ליידער אַ אומגליק. נאָך אַ ביישפּיעל: אַ רב, אַ שטייגער, וועט נישט געהן וואונשען דעם רייכסטען מענש פון שטאָדט, לכבוד זיינס אַ שמחה, אָבער ער דאַרף געהן צו איהם מיט אַ קאָנדאָלענץ-וויזיט, אויב עס האָט געטראָפען אַ אומגליק איינעם פון זיינע נאָהנטע פריינד און אָנהענגער פון שטאָדט.

פאַראַן פערזאָנען, וואָס קענען נישט אויסדריקען מיטגע-פיהל. זיי קענען נישט אָבגעבען קיין קאָנדאָלענץ-וויזיטען. דאָס איז ווירקליך פון די טרויעריגסטע אויפגאַבען. מען דאַרף אָבער אַמאָל זיך בעצווינגען. דאָס אויסדריקען מיטגעפיהל אַ נאָהנטען, איז אַ מענשליכקייטס-אַקט, וואָס מען מוז און מען דאַרף ערפיעלען. מען דאַרף נישט גרינגשעצען דאָס טרייסט-וואָרט.

אויב אַ גוטער בעקאַנטער שטאַרבט, אָדער עמיץ פון זיינע נאָהנטע, דאַרף מען זיך בעטייליגען אין דער לויה. גאָר-נאָהנטע פריינד און קרובים דאַרפען מיטגעהן אויפין גוטען אָרט, דאַגעגען בעקאַנטע קענען בעגלייטען די לויה בלויז אַ שטיקעל וועג. נאָר נאָהנטע פריינד, דאַרפען קומען מיט אַ קאָנדאָלענץ-וויזיט, מנחם אבל-זיין. אויב מען איז אין אַ אַנדערע שטאָדט און מען הערט פון אַ אומגליק, זאָל מען צושיקען אַ וויזיט-קאַטעל.

ווען מען קומט אין שטוב, וואו עס ליגט נאָך דער מת, זאָל מען נישט בעגריסען זיך מיט פריינד דורך געבען די הענד, נישט

בעקאַנען זיך מיט אַנדערע און נישט פיהרען קיין זייטיגע גע־שפּרעכען, וועגען געשעפטען און פּערזאַנען.

ביי אַ קאָנדאָלענץ־וויזיט איז נישט גראָד נויטיג צו רעדען אַ סך און טרייסטען, געוועהנליך איז אַ האַרציגען מיטגעפיהל־אויסדרוק אויפ'ן געזיכט, בעת מען דריקט וואַרם די האַנד פון טרויערענדען. אַזאַ וויזיט דאַרף נישט דויערען לאַנג, פון אַ האַלבע שעה ביז אַ גאַנצע שעה העכסטענס. ביי אַ קאָנדאָלענץ־וויזיט דאַרף מען נישט מכבד זיין די אָנקומענדע, אפילו נישט מיט קיין טהיי.

אַ ווייטערער בעקאַנטער דאַרף נישט אָבשטאַטען אַ קאָנדאָ־לענץ־וויזיט, עס איז גענוג אויסצודריקען מיטגעפיהל, ווען מען טרעפט דעם טרויערענדען אין גאַס אָדער ערגיץ אַנדערש.

## דאָס מבקר חולה זיין.

ווען עס ווערט קראַנק אַ נאָהענטער פריינד אָדער אַ קאָלעגע ביי דער אַרבייט, דאַרף מען איהם מבקר חולה זיין. מען קען טע־לעפאָניש אָנפרעגען וועגען געזונד־צושטאַנד און בעטען די הויז־מענשען איבערצוגעבען דעם קראַנקען אַ גרוס, אָדער מען קען קו־מען פּערזענליך. איידער מען געהט אַריין צום קראַנקען אין צימער אריין, דאַרף מען זיך פרעגען, צי מען קען אַריינגעהן, צי דער קראַנקער איז אין דער לאַגע צו אויפנעמען געסט. מען דאַרף זיך נישט בעליידיגען, ווען מען קען נישט ווערען אַריינגעלאָזט צום קראַנקען; מען דאַרף אויך נישט לעגען קיין אכט, אויב מען ווערט אויפגענומען נישט מיט דער געהעריגער אויפמערקזאַמקייט, מען מוז וויסען, אַז נישט אַלע מאָל קען מען אַריינגעהן צום קראַנקען און, אַז די נאָהנטע פון קראַנקען זענען פערנומען און בעזאָרגט און קענען דעריבער נישט זיין אויפמערקזאַם צו די געסט.

צום קראַנקען אין צימער זאָל מען נישט אַריינגעהן מיט'ן אויבערמאַנטעל; זיצענדיג ביים בעט זאָל מען נישט רעדען צו־שטיל און נישט צו־הויך. אַ קראַנקער האָט נישט ליעב, ווען מען רעדט שטיל, דאָס ווירקט אויף איהם זעהר שלעכט. ביי אַ קראַנקען, וואָס ליגט אין בעט, זאָל מען נישט לאַכען, דאָס רעגט אויף, ווייל בייב

קראַנקען איז פאַרהאַן אַ קנאה צום געזונדען, וואָס איז לוסטיג און לאַכענדיג.

מיט'ן רעדען זאָל מען זיך בעמיהען צו פערשאַפען דעם קראַנקען אַ אַנגענעם געפיהל. מען זאָל נישט רעדען צופיעל פון קראַנקהייטען. אונבעדינגט זאָל מען נישט דערצעהלען קיין פאַקטען פון דיזעלבע קרענק, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט טויט, אָדער מיט שווערע קאָמפּליקאַציעס. דאָס רעגט אויף דעם קראַנקען, און ער קען ווערען בעאונרוהיגט, פון וואָס די קראַנקהייט קען זיך פערציהען לענגער. מען דאַרף בכלל נישט דערצעהלען קיין טרויעריגע פאַקטען. דערויף קומט מען נישט מבקר חולה זיין.

ביים בעט פון קראַנקען זאָל מען נישט זיצען לאַנג, נישט לענגער פון 20—30 מינוט.

קומענדיג מיט אַזאַ וויזיט צו אַ קראַנקען, איז נישט נויטיג מכבד צו זיין די געסט. אין ספּעציעלע אויסנאַהמספאַלען קען מען מכבד זיין מיט אַ טשעקאָלאַדקע אָדער קאַרמעלקע.

## די פערפליכטענדע קליידונג.

יעדער מענש, וואָס האָט נאָר אַ געשמאַק, אַ גוטען גוסט, פערשטעהט גוט, ווי אַזוי זיך צו קליידען ביי די פערשיעדענסטע געלעגענהייטען, וואָס טרעפען זיך. פונדעסטוועגען זענען נויטיג איינינגע אַלגעמיינע אָנווייזונגען, וועלכע קענען דעם אייגענעם גוסט נאָך מעהר אויספיינען.

די פרויען דאַרפען זיך רעכענען מיט די מענער, וואָס וועלען זיך געפינען אין זייער געזעלשאַפט. אויב, אַ שטייגער, די מענער בעשליסען צו געהן אין מאַרינאַרקאָווע אַנצוגען, איז נישט פּאַסיג, אַז די פרויען זאָלען אָנטהון באַל-קליידער. ראַן דאַרפען זיי אויך זיין בעשיידען אָנגעטהון, אין וויזיט אָדער אָווענד-קליידונג. אויב עס קלייבט זיך אַ געזעלשאַפט צוזאַמען צו געהן אין אַ טעאַטער, רעסטאָראַן א. ד. ג., דאַרפען אַלע זיך בעמיהען, צו זיין האַרמאָניש געקליידעט, דאָס הייסט, אַז איין פרוי זאָל נישט זיין אין אַ באַל-קלייד און די צווייטע אין אַ הויז-סוויטער, אָדער

גאַרסאַנקע און די דריטע אין אַ אָווענד-קלייד. מען דאַרף זיך אין אַזעלכע פאַלן אָברעדען און זיך פערשטענדיגען. אין געגענטייל שאַפט דאָס אַ שלעכטע שטימונג, די בעשיידען-געקליידעטע קען זיך שלעכט פיהלען.

די קליידונג פון מענער איז גענוי בעשטימט צו יעדער געלעגענהייט בעזונדער.

אַ סמאָקינג מיט אַ שוואַרצע וועסט טהוט מען אָן, ווען מען איז פערבעטען צו אַ מיטאָג, אויף אַ פאַמיליען-אָווענד, אין אַ טעאַטער, אין אַ דאַנסינג.

אַ סמאָקינג טהוט מען נישט אָן קיינמאָל אין קיין שום פאַל פריהער פון 6 אַ זייגער נאָכמיטאָג.

אַ זשאַקעט טהוט מען אָן, ווען מען געהט אויף אַ וויזיט אין אָווענד.

לעצטענס איז אָבער דער סמאָקינג געוואָרען די מאָדערנסטע קליידונג פאַר מענער ביי אַלערליי פייערליכקייטען, און אָנשטאָט וואָס מען פלעגט אַמאָל בענוצען אַ זשאַקעט, פראַק, אַ סורדוט, קען מען איצט בענוצען אַ סמאָקינג.

אויב מען געהט אויף אַ וויזיט צו גוטע פריינד, וואו מען דאַרף זיך נישט אַזוי שטאַרק קרעמפּירען מיט דער קליידונג, קען מען אָנטהון אַ שוואַרצע מאַרינאַרקע מיט הויזען אין פאַסען. אין אַזאַ קליידונג קען מען אויך געהן אויף אַ טאָג-דאַנסינג, און זאָגאַר אין טעאַטער אריין.

אין טעאַטער און אין רעסטאָראַן אַריין קען מען געהן אין טאָג-טעגליכען גאַרניטור פון טונקעלען קאָליר. זומער קען מען געהן אין העלען אַנצוג.

אין טעאַטער אריין, אויף אַ וויזיט, און אין רעסטאָראַן אויף אָווענד-ברויט קען מען נ י ש ט קומען זומער אָהן אַ מאַרינאַרקע. נאָר בלויז אין די הויזען מיט'ן העמד. אויב מען טאַנצט נאָכמיטאָג, דאַרף מען אויך זיין אָנגעטהון אין דער מאַרינאַרקע.

געהענדיג צו אַ לויה, דאַרף מען זיין אָנגעטהון אין טונקעלען. די טרויערענדע פערזאָנען דאַרפען אַ צייט נאָכ'ן טויט טראַ-

גען נאָר טונקעלע קאָלירען. עס איז נישט שעהן צו טראָגען אפילו א העלען קאפעליוש.

די פרויען דארפען זיך בעמיהען נישט צו געהן אויף א לויה אין שרייענדיג-העלע קאָלירען, ווי א רויטער הוט, א. ד. ג. דאָס זעלבע דארף מען אין אזעלכע קאָלירען נישט קומען מיט קאָנדאָ-לענץ-וויזיטען.

# די היים פון גוסט און געשמאק

נישט נאָר אין לעבען און בענעמונג קען מען ארויסווייזען גוטע זיטען און שעהנע מאניערען, נאָר אפילו אין אונזער הייב. מיט אונזער וואָהנונגס-איינריכטונג קען מען ארויסווייזען, אז מען איז אַ גוט-ערצויגענער מענש, מיט קולטור און אינטעליגענץ.

די איינריכטונג פון אַ וואָהנונג זאָגט זעהר פיעל. עס איז גענוג אריינצוקומען אין אַ וואָהנונג און צו וואַרפען איין בליק אין אַ צימער און באַלד צו דערקענען, צי מיר געפינען זיך אין דער וואָהנונג פון מאָדערנעם לעבען און ערציהונג.

דערצו מוז מען נישט זיין דורכאויס רייך, נישט נאָר אַ וואָהנונג פון פיעל צימערן קען מען איינאָרדענען שעהן און מיט גוטען געשמאַק, נאָר אַפילו אַ קליינע וואָהנונג, מיט בעשיידענע מיטלען קען מען אויך אַזוי איינאָרדענען, אַז מען זאָל וויסען, אַז מען געפינט זיך ביי אַ מענשען פון גוטע און שעהנע מאניערען.

מען קען אויך מיט בעשיידענע מיטלען אַזוי איינאָרדענען די וואָהנונג, אַז זי זאָל זיך שעהן פּרעזענטירען און זאָל מאַכען אַ עפעקט אויף יעדען גאַסט.

די אָנגענעהמע און מיט גוסט-איינגעאָרדענטע היים האָט זעהר פיעל צו זאָגען אין לעבען. זאָל דאָס וויסען די פרוי: די שעהנע, ציכטיגע און געשמאַק-איינגעריכטעטע היים, מאַכט אָנגענעהם דאָס פערברענגען אין איהר. עס יאָגט נישט ארויס פון שטוב. דאָס אויג קוויקט זיך און דאָס האַרץ קוועלט אָן, ווען מען געפינט זיך אין אַ אָנגענעהמע היים.

כדי די היים זאָל זיין אָנגענעהם און שעהן, דאַרף מען לעגען אויפמערקזאַמקייט אויף דער ריינקייט, אויף די ווענט, און אויף דער מעבעל-איינריכטונג.

דאָס אויסזעהן פון די ווענט האָט אַ דעצידירענדע בעדייטונג פאַר דער וואָהנונג. אויב מען וויל מאָהלען די ווענט מיט פאַרב, אָדער אייל-פאַרב, זאָל מען ווי ווייט מעגליך נישט מאַכען קיין

רעסעניעס. דאָס רוב רעסעניעס זענען זעהר געשמאַקלאָז, איבער-הויפּט זאָל מען נישט מאַכען קיין געדיכטע רעסענס. אויב מען לאָזט מאָהלען, זאָל מען בעסער מאַכען גלאַטע קאָלירען אויף די ווענט, מיט אַ שעהנעם פריז אין דער הויך, און אין מיטען די ווענט זאָל מען לאָזען אויסמאָהלען עפּעס אַ בעשיינונג, ווי אַ וואַזאָן-בלומען, אָדער עפּעס אַ אַנדערע צייכנונג. אויב דאָס איז נישט מעגליך אויסצופיהרען, ווייל מען האָט נישט קיין גוטען מאָהלער, זאָל מען לאָזען מאַכען פּאַסען אויף די ווענד, נישט זעהר נאָהנטע צו זיך.

צום שענסטען איז צו לאָזען טאַפּעטירען די ווענט.

די טאַפּעטען דאַרפען זיין צוגעפּאַסט צום צימער און צו דער איינריכטונג.

פאַר'ן שלאָף-צימער זאָל מען אויסקלויבען דאָס גרעסטע צימער, ווייל צום שלאָפען מוז מען האָבען גענוג לופט. מען מוז געדענקען, אַז יעדער מענש פערברענגט אין שלאָף-צימער מינדעסטענס 8—9 שעה אין מעת-לעת אָהן איבעררייס, דעריבער מוז דאָס צימער זיין ספּעציעל טעגליך געלופטערט און דאַרף זיין גערוים. דאָס קינדער-צימער קען זיין קלענער, אָבער אויך לופטיג און ליכטיג. דאָס עס-צימער קען זיין אַ טונקעלער צימער, וואָרום אין עס-צימער פערברענגט מען נישט גאַנצע טעג, און אויב מען האָט עטליבע צימערן, קען מען פערברענגען אין די איבעריגע.

מעבעל זאָל מען קויפען נישט לויט דעם פערמעגען, נאָר לויט די צאָהל צימערן.

אויב מען האָט אַ קליינע וואָהנונג פון 1 צימער מיט אַ קיך; דאָס הייסט, אַז אין דעם איינעם צימער איז די גאַנצע וואָהנונג— זאָל מען זיך בעמיהען צו קויפען וואָס ווינציגער מעבעל. בלויז צוויי בעטען, איין שפּיגעל-שאַנק, און אין אַ ווינקעל פון צימער, נעבען אַ פענסטער, זאָל שטעהן אַ קליינער בעשיידענער טיש מיט עטליבע שטיהלען.

איבער די בעטען זאָלען נישט הענגען קיין שום בילדער. אין אַזאַ קליינע וואָהנונג איז גוט זיך צו בעגעהן אָהן נאַכט-טישלעך. העכסטענס קען מען האָבען איין נאַכט-טישעלע.

אויף דער לעדיגער וואַנט, וואו עס שטעהט נישט קיין שום שאַנק און בעטען, קען מען אויפהענגען אַ צוויי בילדלעך, די ראַמען דאַרפען האָבען די זעלבע קאָליר, וואָס די בעטען און שאַנק.

אויפ'ן טיש אַ קליינער וואַזאָן פון גלאָז, קרישטאָל, אָדער טעראַקאָט.

אין אַזאַ וואָהנונג דאַרף אָלס לאָמפּ הענגען אַ אַמפּעל מיט אַ גלאָז. די טאַפּעטען דאַרפען זיין פון ליכטיגע קאָלירען, אַ שי-טער און לעבענדיג מוסטער.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַ וואָהנונג פון איין צימער דאַרף מען נישט אָנשטעלען מיט קאָזעטעס, עטאַזשערקעס, קרעדענס. דאָס איז געשמאַקלאָז. אויב דאָס צימער איז ווירקליך גרויס, צום ביי-שפּיעל, מיט 3 פענסטער, קען מען אויף דער זייט, וואו עס איז פאַרהאַן אַ פולשטענדיג לעדיגע וואַנט, אַוועקשטעלען אַ קאָזעטע, דאַן דאַרפען די בילדלעך הענגען איבער דער קאָזעטע. אויב די קאָזעטע איז אַרויסגערוקט אויפ'ן צימער, קען אין סאַמע ווינקעל צימער שטעהן אַ מין „סלופּ", אַ שמאָל שענקעלע מיט אַ גרויסען וואַזאָן אויף דעקאָראַטיווע בלומען אָדער גרינגוואַרג.

עס איז פערשטענדליך, אַז בעסער קען מען זיך איינאָרדענען אין אַ צוויי-צימערדיגע וואָהנונג. אויף אַזאַ אופן זאָל מען אין עס-צימער איינשטעלען איין קרעדענס, אַ טיש מיט שטיהלען, אַ שטעה-זייגער, אויף די לעדיגע ווענט קענען הענגען עטליכע ביל-דער. אויף איין וואַנט דאַרפען נישט הענגען עטליכע גרויסע ביל-דער. וואָרום אַ וואָהנונג איז נישט קיין בילדער-גאַלעריע. אויב מען הענגט אויף איין גרויס בילד, קען מען אין די זייטען, נידעריגער אויפהענגען צוויי קלענערע בילדלעך.

דאָס שלאָף-צימער דאַרף בעשטעהן געוועהנליך פון צוויי בעטען, שאַנק, צוויי נאַכט-שענקעלעך. די נאַכט-לאָמפּען אויף די שענקעלעך דאַרפען נישט זיין צו דער פּאָר, בכלל איז דאָס צופּאַסען בעצירונגען צו דער פּאָר זעהר געשמאַקלאָז. אַמאָל האָט מען גע-מוזט האָבען נאָר צוויי גלייכע נאַכט-לאָמפּען מיט די זעלבע פי-גורלעך, און אויף דער טאָאַלעטע ווידער צוויי גלייכע פיגורלעך צו דער פּאָר. דאָס איז אַלטמאָדיש.

די נאַכט-לעמפּלעך קענען זיין מיט פאַרשיעדענע פיגורען, נישט עהנליכע צו זיך, עס קען זאָגאר זיין גאַנץ פאַרשיעדענע לעמפּלעך. די אַבאַזשורען, אויב זיי זענען פון שטאָף, דאַרפען זיי זיין עהנליך צו די טאַפּעטען פון די ווענט, ביידע אַבאַזשורען זאָלען זיין פון זעלבען מאַטעריאַל.

אויף דער טאַאַלעט דאַרף מען אוועקשטעלען אַ פיגורל פון פּאָרצעלאַן אָדער טעראַקאָט, פון דער צווייטער זייט אַ אַנדער פיגורל, אָדער גאָר אַ קליין, שעהן וואַזאָנדעל, אַ נידעריגעס.

די טאַאַלעט זאָל שטעהן גענענאיבער די טהיר, דורך וועלכער מען געהט אַריין. אויב דאָס שלאָף-צימער האָט צוויי פענסטער, זאָל די טאַאַלעטע שטעהן צווישען די פענסטער, אויב עס איז פאַר-האַן איין פענסטער, איז גוט ווען די טאַאַלעטע שטעהט ביי דער גענענאיבערדיגע וואַנט פון די בעטען, נעהנטער צו דער איינגאַנגס-טהיר, און צום פענסטער זאָל שטעהן אַ טאַפּטשאַן אָדער קאָזעטע. אין סאַמע ווינקעל אַ שטעה-לאַמפּ, מיט אַן־אַבאַזשור עהנליך צו די טאַפּעטען, אָדער אַ שטעה-טישעלע, אַ מין שמאָל און הויך געשטעל, אויף וועלכען עס זאָל שטעהן אַ גרויסער דעקאָראַטיווער וואַזאָן פון טעראַקאָט. איבער דער קאָזעטע איין גרויס בילד, אָדער צוויי קלענערע.

אַ פּאָרטעפּיאַן אָדער פּאַטעפאָן דאַרף שטעהן אין עס-צימער.

די טאַפּעטען אין שלאָף-צימער דאַרפען שטענדיג זיין פון העלע, אַנגענעהמע און ל א כ ע נ ד י ג ע קאָלירען. דאָס מוסטער דאַרף נישט זיין געדיכט, עס זאָל זיין מעהר טלאָ (פאָן), דאָס גיעט ליכט און לופט.

די קאָזעטע אָדער דעם טאַפּטשאַן קען מען מאַכען נישט איבערגעצויגען, נאָר דערויף זאָל מען אַרויפוואַרפען אַ לייכטען, פראַנצויזישען דיוואַן („נאַזשוטקע״), דאָס איז עלעגאַנט און פּראַקטיש. דאָס גאַנצע צימער ווערט וואונדערבאַר עפעקטיש, ווען אויף דער קאָזעטע ליגען איינינגע דעקאָראַטיווע קישעלעך, נעהאַפטענע און געמאָהלענע. איינס אָדער צוויי אַזעלכע קישעלעך מאַכען שוין שעהן.

אויב אויף דער קאָזעטע ליגט אַ לייכטער דיוואַן, אַן־אַרויפ-

וואַרפֿ (נאַזשוטקע), די עקען אויף דער פּאָדלאָגע, קען איין קי-שעלע ליגען אויף דער „נאַזשוטקע" אויף דער פּאָדלאָגע, דאָס איז, אויב מען האָט מעהר קישעלעך.

די בעטען דאַרפֿען זיין איבערגעצויגען מיט א דעק, אויב זי איז דורכזיכטיג, זאָל פֿון הינטען ליגען א סאַטין-דעק, וואָס זאָל מיט דער קאָליר זיין עהנליך צו די הויפּט-קאָליר פֿון די טאַפּעטען אויף די ווענט.

אין שלאָף-צימער דאַרף הענגען א אַמפּעל-לאָמפּ, מיט א גלעזערנעם קלאָש. אויב זי איז קאָלירט, דאַרף זי האָבען א עהנליכ-קייט צו די קאָליר פֿון די טאַפּעטען. אויב דער אַמפּעל הענגט אויף זיידענע שנירען, מוזען זיי זיין פֿון דער קאָליר פֿונ'ם הויפּט-מוסטער אויף די טאַפּעטען.

אויף די בעטען קען ליגען העכסטענס איין ווייס אויסגנע-האָפּטען קישעלע. דורכ'ן דורכזיכטיגען קען מען אַרויסזעהן אָדער ווייס אַטלאַס, אָדער א ראָזע קאָליר.

פֿאַר די בעטען צוויי קליינע דיוואַנעס.

אויב מען קען זיך פֿערגינען, קען מען אין שלאָף-צימער אויס-לעגען א דיוואַן, וואָס זאָל מיט די קאָלירען האַרמאָנירען צום מע-בעל. אויב דאָס מעבעל איז ווייס, קען דער דיוואַן זיין פֿון א אַנ-דערע קאָליר. יעדענפֿאַלס דאַרף דער דיוואַן אין א שלאָף-צימער זיין פֿון ראָזע, באָרדאָ אָדער העל-בלאָע קאָלירען.

עס איז אַנגענעהם, אז דער דיוואַן און די קליינע דיוואַנדלעך ביי די בעטען און די קאָזעטע זאָלען האָבען א עהנליכקייט אין טאָן און הויפּט-קאָלירען.

ביי די פֿענסטער אין שלאָף-צימער מוזען זיין גאַרדינען, אונטער די גאַרדינען קומט פֿאָרהאַנגען („זאַסלאָנעס"). אַמשענסטען איז צו נעמען ווייסע, אָדער קרעמקאָליר פֿאַר די פֿאָרהאַנגען. עס איז געשמאַקלאָז צו בענוצען ראָזע, אָדער געלע קאָלירען. יעדענ-פֿאַלס זאָל מען בענוצען א לייכטע, בלאַסע קאָליר.

נישט אין עס-צימער און נישט אין שלאָף-צימער איז נישט שעהן צו שטעלען אייזערנע בעטען. אויב מען האָט נישט מעהר

צימערן, איז גוט אזוי איינצואָרדענען, אַז מען זאָל אויף ביינאַכט אויפשטעלען די בעטען.

אויב מען האָט דריי צימערן, זאָל דאָס דריטע צימער זיין פאַר די קינדער. די טאַפּעטען פאַר'ן קינדער-צימער דאַרפען זיין העל, ווייסע, די בעטען אויך ווייס, די גאַרדין דאַרף ענטהאַלטען אַ מאָטיוו, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר די קינדער-פאַנטאַזיעס. ביים פענסטער אַ טיש און 2—3 שטיהלען, כדי די קינדער זאָלען דאָ קאָנען פערברענגען ביים שפּיעלען און לערנען.

איבער די קינדערשע בעטען זאָל מען נישט הענגען קיין בילדער. עס איז גוט, ווען אין קינדער-צימער אויף די אַנדערע ווענט הענגען בילדלעך ספּעציעל צוגעפּאַסט פאַר קינדער. דאָס ערציהט ביי זיי דעם געשמאַק פאַר שעהנהייט און פאַרבען.

אין אַ קינדער-צימער דאַרף זיין אַ הענג-לאָמפּ מיט אַ פּער-מאַכטע גלעזערנע באַניע, אַ מין לאַמפּיאָן, אָדער אַ אַנדערער לאָמפּ, אַ בעשיידענער מיט איין פייער.

אויב דער קאָפּ פון דער היים דאַרף האָבען אַ אַרבייטס-קאַבינעט, אַ אַרבייטס-טיש, קען ער דאָס איינאָרדענען אין קינדער-צימער. אָנשטאָט דעם טיש פאַר די קינדער, קען שטעהן אַ ביוראָ-טיש.

ביי פיער צימערן, קען דאָס פיערטע צימער זיין אַ קאַבינעט, אָדער אַ זאַל. ביי 5 צימערן קען דאָס פינפטע צימער זיין פאַר אַ דערוואַקסענע טאָכטער אָדער זוהן אויפצונעמען דאָרטען זייערע פריינד און קאָלעגעס.

אַ זאַל דאַרף נישט זיין אָנגעשטעלט מיט מעבעל. אין אַ ווינ-קעל דאַרף שטעהן אַ ספּעציעלער קאָמפּלעט, אַ טיש, אַ קאַנאַפּקע פאַר 2—3 פּערזאָנען און עטליכע שטיהלען אויסגעבעטע, אַ גרוי-סער דיוואַן, אַ שעהנער לאָמפּ מיט מעהר פייערן, אָדער אַ זשי-ראַנדאָל. אין אַ צווייט ווינקעל פון זאַל אַ גאַבלאָטקע מיט גלעזערנע ווענט, אינווענינג זאַכען פון קרישטאָל, פאָרצעלאַן, מאַיאָליק, שעהן און שיטער צושטעלט.

אין אַ אַנדער ווינקעל אַ גרעסערע פיגור אויפגעשטעלט אויף

א ספּעציעלע טישעלע, אָדער א גרויסער דעקאָראַטיווער טעראַקאָט-וואַזאָן.

עטליכע שעהנע, גרויסע בילדער מוזען הענגען אין זאַל.

אויף איינע פון די ווענט, אויף וועלכע עס הענגען נישט קיין בילדער, קען הענגען א סטילאָווע שפּיגעל אין א בעגילדעטע ראַם, אונטער דעם קען שטעהען א טישעלע מיט א וואַזאָן אויף נעשני-מענע לעבעדינע בלומען, אָדער עס קען דאָ שטעהען די סאַלאָן קאַ-נאַפּקע מיט'ן טיש און שטיהלען. אויב צום סאַלאָן-מעבעל-קאָמפּלעט זענען פאַרהאַן פאָטעלען, זאָלען זיי זיין צושטעלט אין זאַל, ביי די ווענט, נעבען די ווינקלען, אָדער צוזאַמען מיט די איבעריגע שטיה-לען ארום טיש.

דער זאַל דאַרף זיין מיט העלע טאַפּעטען אויסגעקלעבט, אָבער שוין נישט פון די ראָמאַנטישע קאָלירען; דאָ קען זיין שעהן פון די בלאָהע קאָלירען, עלעקטיק, אָדער אַנדערע עפעקטישע קאָלירען.

---

עס איז נישט שעהן, אַז אויף דעם קרעדענס אין עס-צימער זאָל זיין אויסגעשטעלט פערשיעדענע געשיר, פּאָרצעלאַן; קלאָשען, טאַצען. עס מאַכט דעם אנדרוק, ווי אין א געשעפט פון פּאָרצעלאַן און גלאָז. אויף דער טיש-פּלאַטע פון קרעדענס דאַרף ליגען א ווייס אויסגעהאָפטען סערוועט, רישעליע-ארבייט אָדער עטוואָס עהנליכעס, דערויף איניגע זאַכען פון קרישטאַל; צוויי זאַכען, נישט מעהר. עס קען אויך דאָ שטעהען א קרישטאָלענער וואַזאָן אויף בלומען אָדער מיט בלומען, א שעהנע זאַך פון מאַיאָליק אָדער פון טייערען אויסלענדישען פּאָרצעלאַן. עס דאַרף נישט זיין גלאַט אָנגעשטעלט, נאָר מיט געשמאַק.

ווען עס קומען געסט, דאַרף אין עס-צימער זיין העל-ליכטיג, אין שלאָף-צימער דאַרף זיין עטוואָס טונקעלער, דאָס קינדער-צימער דאַרף זיין העל-בעלויכטען. דער קאַבינעט קען זיין האַלב-פינסטער, נאָר דער שרייב-טיש זאָל זיין העל-בעלויכטען דורך א שרייב-טיש. מען דאַרף נישט אַלע צימערן מאַכען ליכטיג, ווען געסט קומען, נאָר די ליכט דאַרף זיין אין דער אָנגעגעבער נאָרמע. ליכטיג דאַרפען זיין די צימערן, אין וועלכע עס קומט-אויס צו פערברענגען מיט די

געסט. עס איז עלעגאנט, אז אויב די געסט פערברענגען אין עס־צימער, זאָל נאָך איין דערנעבען צימער, צום ביישפּיעל דער זאַל אָדער שלאָף־צימער, אויך זיין בעלויכטען. דאָס איז עפעקטיש.

---

אין דער הײם פון גוט ערצויגענע מענשען, וועלכע בעזיצען גוטע זיטען און מאַניערען, מוז שטענדיג הערשען א מוסטערהאַפטע ריינקייט. עס טאָר קיינמאָל נישט ליגען קיין שטיקלעך פּאַפּיר אָדער אָבפאַל אויף דער פּאָדלאָגע, ווען מען עסט נישט, דאַרף נישט שטעהען אויפ'ן טיש אינ'ם עס־צימער דאָס קיישעלע מיט געבעקס מיט'ן מעסער.

די ווירטען דאַרף יעדע פּאָר טעג געגוי בעקוקען די ווענט, ווינקלען, סופיט און זעהען צי עס איז נישט פאַרהאַן קיין שפּינוועב, אָדער שטויב. אַלע טאָג מוז מען די ווענט אָבשטויבען, און די ווינקלען פון די ווענט און סופיט אָבריינינגען פון שטויב און שפּינוועבס.

די ווירטין מוז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט לעגען אויף דער גוטער און ריינער לופט אין דער וואוינונג. דאָס איז די ערשטע בענעגניש פאַר'ן פריש־אָנקומענדען מענש. אויב מען דערפיהלט א שלעכטע לופט, ווייסט מען שוין, אז מען האָט צו טהון מיט שלעכט־ערצויגענע פערזאָנען, וואָס קענען זיך נישט האַלטען צווישען מענשען. דאַגעגען, אז מען קומט אריין און מען דערפיהלט א פרישע, אָנגענעהמע לופט, מאַכט דאָס א גוטען איינדרוק און עס רעקאָמענדירט גוט די ווירטין.

צוליעב דעם, דאַרף מען יעדען טאָג, אָהן אונטערשיעד פון דער צייט אין יאָהר, עפענען די פענסטער און לופטערן די צימערן: אפילו ווינטער דאַרפען די פענסטער אין יעדען צימער אָפען זיין, מינימום א האַלבע שעה אין טאָג. ווינטער דאַרפען אַלע צימערן זיין גלייך געהייצט. אמבעסטען איז, אז ווינטער זאָלען די טהירען פון אַלע צימערען זיין אָפען, כדי די לופט זאָל זיך רעגולירען און זיין גלייך. דאָס איז נויטיג פאַר'ן געזונד.

# א טאָג ין א עלעגא ' ד היים

יעדער מענש דאַרף לעבען עלעגאַנט, שעהן, דאָס קאָסט נישט ספּעציעל קיין געלד. די בעשיידענע פאַמיליע, וואָס וואָהנט זיך אין אַ בעשיידען מעבלירטע וואָהנונג, קען זיך אויך פיהרען עלעגאַנט.

עלעגאַנט איז די פאָרם. דאָס דאַרף מען נאָר וועלען. און לעבען עלעגאַנט איז גוט פאַר׳ן געזונד, פערשאַפט אַ גוטע שטימונג ביים מענשען און גיעט איהם אָהן אַ מאָס ענערגיע און ווילען צום לעבען און צו דערגרייכען וואָס מעהר אין לעבען.

אַ עלעגאַנטע פרוי, אַזוי ווי זי געהט אַרויס פון בעט, דאַרף זי נישט אָנטהון באַלד אַ קלייד, נאָר אַרויפוואַרפען אויף זיך אַ שלאָפראָק אָדער פּידזשאַמע. אַ מאַנספּערזאָן דאַרף נישט אַריין באַלד אין די הויזען, נאָר אָנטהון אַ בידזשאַמע אָדער אַ שלאָפראָק, יעדענפאַלס עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען נוצט נישט צום געהען אין גאַס אַריין. די ערשטע אַרבייט דאַרף זיין גלייך פון בעט צום וואַשען זיך.

אויב מען האָט אַ וואַנע איז גוט יעדען טאָג צו מאַכען זיך אַ וואַנע. בענוצען לעבלעך וואַסער און זיצען נישט מעהר פון 10 מינוט. דאָס פרישט-אויף און גיעט אַ מענגע ענערגיע. אויב מען קען דאָס נישט טהון, זאָל מען זיך גוט אַרומוואַשען ביי דער וואַסער-לייטונג, אָדער אין אַ גרויסע שיסעל וואַסער.

מען דאַרף ספּעציעל גוט וואַשען מיט אַ סך וואַסער דאָס געזיכט, האַלז און הענד. מען דאַרף אויך וואַשען דעם קאָפּ. גלייך דערנאָך זאָל מען וואַשען דאָס מויל, האַלז און ציין, דערצו זאָל מען פערנוצען נישט ווינציגער פון אַ גרויס גלאָז וואַסער. די ציין זאָל מען אויספּוצען מיט אַ בערשטעל און ציין-פּאַסטע אָדער אַ פּראָשעק.

קיין שום מענש זאָל זיך נישט ערלויבען אָנצוטהון און אַרויסצוגעהען אין גאַס אַריין, אָדער אַפילו אַרומצודרעהען זיך אין דער היים, נישט האָבענדיג אויסגעוואַשען דאָס מויל און די ציין. אַ עלעגאַנטער מענש, וואָס וויל דאָס מען זאָל איהם האַלטען פאַר אַ פּער-

זאָן מיט גוטע מאַניערען טאָר נישט דערלאָזען, אז מען זאָל פון זיין מויל פיהלען דעם מינדעסטען גערוך. דאָס איז עקעלהאפט, אָב-שטויסענד.

נאָכ'ן צוקעמען זיך די האָר, דאַרף מען וואַרפען אַ בליק אויף די נעגעל. אַ פרוי דאַרף יעדען טאָג זיך מאַכען אַליין „מאַניקיר", און יעדע עטליכע טעג, מינדעסטענס איין מאָל אין וואָך געהען צו אַ „מאַניקוזשיסטקע" זיך מאַכען מאַניקיר. אַ מאַנספערזאָן דאַרף אויך האָבען ריינע נעגעל, יעדען טאָג דאַרף ער זיי קאָנטראָלירען, און אויב עס איז נויטיג זאָל ער זיי ברענגען אין אָרדנונג.

נאָכדעם ווי די טאָאַלעט איז פערטיג, דאַרף דער מאַנספערזאָן זיך ראַזירען, און אָנטהון דעם גאַרניטור.

עס איז נישט שעהן, ווען די פערזאָנען, וואָס ראַזירען זיך, זענען אין דעם הינזיכט פערנאַכלעסיגט. עס איז בעסער מיט איינ-מאָל אין וואָך מעהר צו ראַזירען, און זיין שטענדיג ריין און ציכטיג. אפילו פאַר'ן אייגענעם ווייב און קינדער דאַרף מען זיין ריין ראַזירט.

די שיך זאָל מען נישט טראָגען מיט גומענע זוילען און נישט מיט גומענע אָבצאַסען. דאָס איז אַלט-פרענקיש.

די פרוי דאַרף דעסגלייכען באַלד נאָך דעם וואַשען, פיין צו-קעמען זיך די האָר.

נאַכהער קומט דאָס פריהשטיק.

אין אַ רוה-טאָג, ווען מען געהט נישט צו דער אַרבייט, אין געשעפט אַריין, דאַרף די גאַנצע פאַמיליע עסען פריהשטיק צוזאַ-מען. מען דאַרף גרייטען צום טיש, אזוי ווי צו מיטאָג, און די ווירטין דאַרף אָנפיהרען מיט'ן פריהשטיק.

זעמעל זאָל מען נאָר איינשניידען מיט'ן מעסער אויף צו-שמירען מיט פוטער, נאַכהער דאַרף מען שוין אָבבייסען שטיקלעך, אָדער אָבברעכען מיט די הענד.

---

15 מינוט פריהער איידער דער מאַן קומט אהיים אויף מיטאָג, דאַרף דער טיש ווערען געגרייט צום מיטאָג, מיט בעשטעק און גע-

בעקס. די פרוי דאַרף זיך אָנטהון א וויזיט-קלייד, אָדער א ריין הויז-קלייד, זיין פיין צוגעקעמט און צופרידען.

אויף דעם אָרט ווילען מיר נאָך בעריהרען א מאָדערנע טע-מאַ: דאָס שמינקעווען די ליפּען. מיר ווילען נישט איצט גענויער רעדען, וועגען דעם, דאָס דאַרף מען טהון ביי א אַנדערע געלעגענ-הייט, אָבער דאָס שמינקעווען די ליפּען איז דאכט זיך שוין אזוי פערשפּרייט און אָנגענומען, אז אַפילו אין די דערפער שמינקעוועט מען זיך שוין די ליפּען. די פרויען, וואָס שמינקעווען די ליפּען, דאַר-פען צו מיטאָג זיין געשמינקעוועט. וואָרום דאָס נישט שמינקען די ליפּען ווערט איצט אָנערקענט אַלס פערנאַכלעסיגקייט, עס פער-שטעהט זיך, אז דאָס רעדט זיך, וועגען די פרויען, וואָס שמינקע-ווען. ווען דער מאַן קומט, דאַרף די פרוי נישט אויסזעהען אָבגעלאָזען.

אויב עס קומט א גאַסט צום מיטאָג, דאַרף די ווירטין וויסען פריהער, דער מאַן דאַרף נישט אין דעם הינזיכט מאַכען קיין סיור-פּריזען. אַלזאָ, אויב עס איז פאַרהאַן א גאַסט דאַרף דאָס מיטאָג זיין אַביסעל פייערליכער, מיט א פּאָרשפּייזע, מעג זיין הערינג, סאַרדין, און קאָמפּאָט.

א גאַסט דאַרף זיך זעצען צום טיש, ווען מען בעט איהם צו, און ווען די ווירטין זיצט שוין.

א עלעגאַנטער מענש דאַרף נישט יעדען אָוועגד געהען אין א אַנדער עפענטליך פערוויילונגס-אָרט. אמוועניגסטענס 3—4 מאָל אין דער וואָך דאַרף מען די אָוועגדען פערברענגען אין דער היים. כדי עס זאָל נישט זיין נודנע קען מען דאָס זיך מאַכען פערשיעדענ-אַרטיג מיט ראַדיאָ, לייענען זשורנאַלען, צייטונגען א בוך, אָדער געשפּרעכען מיט די הויז-מענשען, מיט שפּילערייען. טייל מאָל קומען דאָך געסט.

אויב די פרוי האָט די מעגליכקייט, זאָל זי נאָך מיטאָג זיך איבערטהון עפּעס, כדי ווען דער מאַן קומט אהיים אין אָוועגד, זאָל אין איהר טאַאַלעט זיין כאָטש א קליינע ענדערונג; א אַנדער קליי-דעל, אָדער אָנטהון א סוועטער אָדער עפּעס עהנליכעס.

איידער מען געהט שלאָפען איז נויטיג צו וואשען זיך דאָס פּנים, הענד, און דאָס מויל.

דאָס נאַכט-העמד פון דער פרוי דאַרף זיין לאַנג. מען קען אויך נוצען אַ בידזשאַמע.

טייל מענער טהון אָן אויף ביינאַכט אַ שאַטקע אויף דעם קאָפ, כדי די האָר זאָלען זיך גוט האַלטען. דאָס איז פראָסט און נישט-היגיעניש.

אָהן ערציהונג איז פאַר אַ דערוואַקסענעם מענש צו לייענען אין אָווענד אין בעט פאַרן שלאָפען. מען דאַרף זיך דערפון אָפּ-געוויינען.

מענער דאַרפען נישט בענוצען קיין פּערפום, נאָר בלויז אָדע-קאָלאָן צום ראַזירען.

פרויען קענען בענוצען פּערפום, אָבער דאָס זאָל נישט זיין פון קיין רייסענדיגען גערוך. עס איז נישט גוט צו בעגיסען די קליי-דער מיט פּערפום, דערפון איז דער גערוך צו שטאַרק. אַמבעסטען איז, אַריינצולעגען אין אַ קעשענע אַ טיכעלע, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט פּערפום.

עס איז אונגעשמאַק, ווען מען טוישט אָפט דעם גערוך פון פּערפום. מען דאַרף זיך האַלטען ביי איין סאָרט.

# קאָרעספּאָנדענץ

אַ מענש מיט גוטע מאַניערען דאַרף זיין בעזונדערס פאָר־זיכטיג ביים שרייבען בריעף, פאַרהאַן אַ שפּריך־וואָרט, אַ געשריבען וואָרט קען מען מיט קיין צעהן אָקסען נישט ארויסציהען. שריי־בענדיג דעם בריעף דאַרף מען זיך גוט אָריענטירען אין דער פאָרם פון יעדען אויסדריק. מען קען אויסדריקען יעדען פערלאַנג, פאָדערונג און ביטע מיט אַזעלכע ווערטער, אַז דאָס זאָל קענען בעליידיגען, און מיט אַנדערע ווערטער, אַז יענער זאָל דאָס אַנערקענען פאַר גוט און ריכטיג.

קודם דאַרף מען אַכטונג געבען אויף דער אויסערליכער זייט פון בריעף. דער בריעף דאַרף זיין געשריבען אויף אַ ריינעם און גאַנצען בריעף־בויגען. מען דאַרף נישט אָברייסען אַ טייל פון בויגען, און בפרט נישט שיקען דעם בריעף אויף אַ האַלבען בויגען. דאָס איז גראָב און בעליידיגענד.

ווען דער בריעף איז אויפגעשריבען דאַרף מען נאָכזעהען, צי דאָס פּאַפּיר איז נישט געוואָרען בעשמוצט.

דער קאָנווערט דאַרף דעסגלייכען זיין ריין.

מען דאַרף קיינמאָל נישט פערגעסען אין בריעף צו שרייבען די דאַטע. דאָס רעקאָמענדירט זעהר שלעכט דעם פּערזאָן, וואָס שרייבט בריעף אָהן אַ דאַטע. איבערהויפּט פערגעסען די פרויען צו שרייבען די דאַטע פון טאָג. און ווי אָפט שרייבט מען אין בריעף „נעכטען", „היינט", „מאָרגען" און אָהן דער דאַטע ווייסט מען נישט ווען דער „נעכטען" איז געווען.

דאָס טיטולירען און שליסען דעם בריעף איז אין יודיש אַפילו נישט אַזוי שטאַרק קאָמפּליצירט. פונדעסטוועגען דאַרף מען שענקען דערויף געהעריג אויפמערקזאַמקייט.

צו אַ ווייטען בעקאַנטען דאַרף מען שרייבען „זעהר געעהרטער ה׳ ", און ענדיגען „מיט אַכטונג" אָדער „מיט דרך ארץ".

צו אַ גוטען בעקאַנטען דאַרף מען שרייבען „בעסטער ה׳ ",

„ליעבער ה׳״ און ענדיגען „נעמט-אָן מיין טיעפּסטער אכטונג, אייער״.

צו אַ נאָר נאָהנטען פריינד שרייבט מען „ליעבער ה׳״ און מען ענדיגט „מיט גרוס דיין״ אָדער „אייער״.

אויב מען שרייבט צו אַ פריינד געשעפטליך און מען איז אויך גוט בעקאַנט מיט זיין ווייב, דאַרף מען נישט אויסנוצען די געלע־גענהייט איבערצושיקען אַ גרוס פאַר זיין ווייב.

אויב מען שרייבט צו אַ פּערזאָן, וואָס פערנעמט אַ געוויסע שטעלונג, למשל, אַ פּרעזעס פון אַ אָנגענומענע אינסטיטוציע, אַ דירעקטאָר פון אַ אונטערנעמונג, אַ ראַטמאַן, דאַרף מען ביים טי־טולירען דעם בריעף אָנרופען ביים טיטול, צום ביישפּיעל „געשעצ־טער ה׳ פּרעזעס״.

אויב מען שיקט איבער אַ בריעף דורך אַ פריינדליכע גע־לעגענהייט, דאַרף מען דעם בריעף איבערגעבען אָפען, נישט אין אַ פערקלעבטען קאָנווערט, דערמיט צו ווייזען, אַז מען האָט צו־טרויען צו דער פּערזאָן, וואָס דאַרף איבערגעבען דעם בריעף. עס איז בעליידיגענד איבערצוגעבען דורך אַ געלעגענהייט אַ פערקלעבטען בריעף. דער איבערגעבער ווידער דאַרף פון זיין זייט זיין העפליך און אין געגענוואַרט פון בריעף-שיקער פערקלעבען דעם בריעף, כדי איהם צו ווייזען, אַז ער מיסברויכט נישט מיט זיין צוטרוי.

אויב מען גיעט עמיצען אַ רעקאָמענדאַציע-בריעף, דאַרף מען דעם רעקאָמענדירטען איבערלייענען דעם אינהאַלט און דעם בריעף איבערגעבען אָפען.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז אין קיין שום פאַל איז נישט דערלאָזבאַר צו לייענען בריעף, וואָס זענען אַדרעסירט צו אַ אַנדערען, אַפילו דאָס זענען פּאָסט-קאַרטלעך.

# שלום-וואָרט

מען וואָלט געקענט נאָך גאַנצע ביכער שרייבען, וועגען דעם, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפפיהרען, וואָס עס איז שעהן און וואָס עס איז מיאוס, און דאָס טעמאַ וואָלט נאָך אַלץ נישט געווען אויסגעשעפּט. גוטע זיטען און מאַניערען איז אייגענטליך די קונסט פון לעבען. און דאָס לעבען איז גרויס, אונערשעפּליך און רייך מיט טויזענדער פאַלען און מאָמענטען. מיר בענוגענען זיך אָבער דערווייל מיט דעם בוך, אין וועלכען מיר האָבען זיך בעמיהט צו געבען אָנווייזונגען וועגען די וויכטיגסטע געלעגענהייטען, וואָס קענען טרעפען אין לעבען. פערבייגעגאַנגען טויזענדער קלייניגקייטען, ווייל דאָס בוך וואָלט דעמאָלט געמוזט פיעלפאַך פערגרעסערט ווערען.

פונדעסטוועגען איז דאָס דאָזיגע בוך *פאָלשטענדיג* גענוגענד אויף צו ערלערנען די גוטע זיטען און שעהנע מאַניערען אין אַלע מעגליכע געלעגענהייטען פון לעבען. די מענשען, וואָס וועלען אין זיך איינזאַפּען די גרויסע צאָהל אונזערע אָנווייזונגען, קענען דרייסט אָנגעהן פאַר ערשט-קלאַסיגע, גוט-ערצויגענע מענשען מיט די בעסטע מאַניערען און וועלען זיך קענען געפינען אין דער בעסטער און שענסטער געזעלשאַפט. די, וואָס וועלען זיך איבערגענומען מיט די אָנווייזונגען, וועלען קיינמאָל נישט האָבען קיין מאָטערנישען, ווי אַזוי פיהרט מען זיך אויף אין אַ געזעלשאַפט, וואָס טהוט מען ביי אַזאַ געשאַפענער לאַגע? זיי וועלען שוין שטענדיג געפינען אַ אויסוועג צו דער סיטואַציע.

דאָס דאָזיגע בוך געהערט נישט צו דעם סאָרט ביכער, וואָס מען האָט דעם גענוס בעת מען לייענט דאָס, און נאָכדעם לעגט מען דאָס אַוועק און מעהר דאַרף מען נישט דאָס נעמען אין דער

האנד אריין. דאָס בוך „גוטע זיטען" איז נישט קיין לעזע-בוך, דאָס איז אַ האַנד-בוך, אַ מין לערן-בוך, וואָס מען דאַרף שטענדיג האָבען ביי זיך אין דער היים, און אָפט, ווען עס שאַפט זיך עפּעס אַ געלעגענהייט, דאַרף מען אַריינקוקען און זוכען אַ אויפקלערונג, אַ אָנווייזונג.

די גרויסע צאָהל אָנווייזונגען, ווי אַזוי זיך אויפצופיהרען און וואָס מען זאָל נישט טהון, אַרבייטען אויך אויס אַ זעלבסטקריטיק ביים לעזער, אפילו אין אַזעלכע קלענערע פאַלען און מאָמענטען אין לעבען, וואָס מיר האָבען דאָ נישט בעריהרט, וועט מען שוין אַליין פערשטעהן, ווי אַזוי צו האַנדלען לויט די געבאָטען פון גוטע זיטען און מאַניערען. דאָס געפיהל פון גוט-ערצויגענעם מענש דיקירט שוין אַליין.

די, וואָס וועלען זיך איבערנעמען מיט די אָנווייזונגען פון גוטע מאַניערען, וועלען ביילייבען העכסט צופרידען. די וועלט איז שעהן, און דאָס לעבען איז רייך, טאָ פאַרוואָס זאָלען מיר דאָס זיך פער'מיאוס'ען מיט גראָבקייטען און דענערווירען זיך. ביים גוטען טאָן, ביי גוטמוטיגקייט און לעבענס-לוסטיגקייט, איז די וועלט טויזענדער מאָל שענער, רייצענדער און אָנגענעמער.

גוטע זיטען און שענע מאַניערען פערשאַפען גוטמוטיגקייט, לעבענסלוסט און פערגעניגען.

# אינהאלט:

